חיים גראַדע

# פּליטים

די הכנסה פון דעם דאָזיקן בוך איז באַשטימט פאַר
דער הילפס-אַרבעט פונעם פּוילישן יידנטום.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין אַרגענטינע
רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָווּשיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן – י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש
6) זרובבל: באַרג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין אַ ליטעראַרישער שטוב
8) ד"ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (איינדרוקן פון אַ רייזע)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן
11) ד"ר מאיר באַלאַבאַן: די ייִדן־שטאָט לובלין
12) ישראל אפרת: היימלאָזע ייִדן
13) ד"ר יעקב שאצקי: אין שאָטן פון עבר
14) דוד פלינקער: אַ הויז אויף גזשיבאָוו
15) ד"ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ
16) קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

פרידע זרובבל: נע־ונד (פאַרצייכנונגען פון אַ פּליטה)
ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (זכרונות פון ווילנער געטאָ)
מרדכי שטריגלער: אויסגעלאָשענע ליכט (מאַידאַנעק)
יעקב לעשטשינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט
ר. שושנה־קאַהאַן: אין פייער און פלאַמען (טאָג־בוך)
ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
יאָנאַס טורקאָוו: אַזוי איז עס געשען... (חורבן־וואַרשע)
יוסף אָקרוטני: אין קלעם
אברהם טייטעלבוים: מיין וואַרשע

## עס גרייט זיך צום דרוק:

נחום סאָקאָלאָוו: פּויליש־ייִדישע פּערזענלעכקייטן
טאַניאַ פוקס: אַ וואַנדערונג דורך אָקופּירטע לענדער
ד"ר עמנואל רינגעלבלום: צו דער געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע
ד"ר יצחק שיפּער: ייִדן אין אַלטן פּוילן
צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו: יצחק קאַצענעלסאָן
זלמן וואַסערצוג: יאַנוש קאָרטשאַק

# חיים גראַדע




## לידער און פּאָעמען

**געשריבן אין ראַטן־פאַרבאַנד אין 1941־1945**

*

דעם דיכטערס בילד געצייכנט דורך י. ב ע ן

הילע און ציקל ־צייכענונגען פון אַ ר ט ו ר ק אַ ל נ י ק

*


ארויסגעגעבן דורכן

**צענטראַל - פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע**

פאַרלאַגס־לייטונג: א ב ר ה ם מ י ט ל ב ע ר ג

בוענאָס־איירעס, 1947.

# אינהאַלט

**פּליטים**



**אָדעם צו דער זון**



**דער דיכטער**

## דערקענסט מיך נישט



## מיט דיין גוף אויף מיינע הענט

# אין נאַכט און אין ווינט...

אין נאַכט און אין ווינט און אין רעגן,
מיר וואַלגערן זיך אויף די וועגן,
אין פּאַרקן, אויף טרעפּ און וואָקזאַלן,
ווי האַרבסטיקע בלעטער וואָס פאַלן.
אין וואָגל פון באַנען אויף באַנען,
מיר זיינען שוין יענע מקנא
וואָס בעטן נישט וואַסער אַ טראָפּן —
און גאָט איז שוין זייער צו קאָפּן.
נאָר מיר ווי אַ האַריקע סטייע
פון בייזע פאַרהונגערטע חיות,
מיר קעמפן פאַר וואַסער אין רייען
מיט פויסטן און גיהנום-געשרייען,
און ווילן דעם הימל צעשפּאַלטן
מיט אונדזערע פינצטערע גוואַלדן.
די אויגן ווי מעסערס צעפינקלט,
מיר ברעכן אַדורך זיך אַ ווינקל
צו וואַלגערן זיך אויף די וועגן
אין נאַכט און אין ווינט און אין רעגן.

ווי וועלף אויסגעמאַרעטע הוילן
די זין און די טעכטער פון פוילן,
מיט בערד ווי מיט זומפּ־גראָז פאַרוואַקסן,
דערשראָקן און ווילד ווי די אָקסן,
וואָס רייסן ארויס זיך פון שחיטה —
מיר זענען אַנטלאָפן פון ליטע;
אַ היימלאָזער הונט אין די אויגן
עם וואַקלט אוקריינע געבויגן,
און ס'קלאָגן ישובים וואָס האָבן
אונדז נעכטן ווי שרייאיקע ראָבן
געטריבן פון זייערע שטיבער —
אויף זיי איז דער טויט־שניט אריבער,
אויף זיי האָט די כוואַליע פאַרגאָסן,
זיי בלאָנדזשען אין שטורעם פאַרשלאָסן.

דער ניעמאַן האָט שטיינער געשפּיגן,
און ס'וויל אונדז דער דאָן נישט פאַרוויגן.
פון מינסק ביז דער קאַלטער סאַמאַרע
מיר ציען — אַ פינצטערע כמאַרע.
ס'האָט ווילנע באַגעגנט זשיטאָמיר,
אוןביידע פאַרגייען אין יאָמער
פאַרבראָכענע איינס אויף דאָס צווייטע,
אויף וועגן סיבירער פאַרשנייטע.
פון זשמערינקע, בריאַנסק און פּאָלטאַווע
מיר פלייצן — אַ גליאיקע לאַווע,
און רייסן אַדורך אַלע צאַמען,
מיר וועלן דעם הימל פאַרסמען

מיט אונדזערע ווונדיקע גופן,
וואָס שרייען צום הימל און רופן, —
און ס׳קלאָגן אין נאַכט עשאַלאָנען:
אָ, ווער וועט דעם בלוט-חשבון מאָנען
פאַר לייב וואָס ווערט — מיסט אויף די וועגן,
אין נאַכט און אין ווינט און אין רעגן...

# האַס

די אייגענע אברים זיינען פרעמד,
די גלידער הענגען — אָפּגעפּראָרענע,
ווי גאַס-הינט אין אַ שטייג צונויפגעקלעמט,
האָבן מיר זיך דאָ באַגעגנט,
מיט אייגן בלוט און שוויים באַרעגנט —
מיר ברידער אייביקע פאַרלאָרענע.

אַז דער שונא וואָלט אונדז נישט גענויט,
וואָלט איין ברודער מיט דעם אַנדערן
נישט געוואָלט זיך קענען ביזן טויט,
אויפן ראַנד פון טויט און לעבן
האָט ער אַ באַפעל געגעבן:
אינאיינעם זיך צונויפקלייבן און וואַנדערן.

ווער עס האָט זיין אָפּשטאַמונג געדענקט,
ווער עס האָט זיך פון זיין פאָלק געראַטעוועט,
און אין פרעמדן וואַסער זיך געשווענקט — — — —
אַלע זוכן מיר אַ ברויט היינט,

און מיר ווערן פונעם טויט-פיינט
געטראָטן מיט די פיס, ביז בלוט געקאַטעוועט.

וועמענס איז דאָס קינד, דאָס ווייב?
אָט די פנימער מיט בלוט פאַרלאָפענע?
מיר דערקענען נישט דאָס אייגן לייב — — —
דער פאַרשטאַרטער טויטער אָרעם,
און די ווונדיקע אברים,
אויפגעריסענע, ווי גריבער אָפענע.

ווער עס האָט נאָך רחמים זיך געווענדט,
יענעם וועלן מיר אַליין פאַרשטייניקן,
אויב עס האָט די ליבשאַפט נישט געקענט
אונדז פאַרבינדן קינדער פון איין טאַטן,
וועט די אויסגעשונדענע, די געלע לאַטע
און דער טויט-האַס — אונדז פאַראייניקן...

# ער...

אויפֿן וועג אשכאבאד — דושאם-בע,
שוועֿר קרעכצן וואַגאָנען ווי קייטן,
איך פֿאָר דורכן מדבר — און זע
אויף וויאָרסטן, ווייט איינער פֿון צווייטן,
שטייט פֿאַרטריקנט דער בוים סאַקסאַאול,
מיט הענט און מיט פֿיס אויסגעדרייטע,
ווי אַ גייסט וואָלט אַרומגעטאַנצט דול
אויף טויטע אין זאַמדן פֿאַרוויייטע, —
שרייט אין שטורעם דער בוים סאַקסאַאול:
— אַ, ווער האָט פֿאַריאָגט אייך אַהער?
ווערט דער מדבר מיט יאָמערניש פֿול:
דאָס האָט ער —
דאָס האָט ער —

ביי דער שטויביקער אַלטער מאַרי,
וווּ דער צוג שטעלט זיך אָפּ טרינקען וואַסער,
און קילט אָפּ זיין שטאָלענעם גלי,
שטייט אַ ייִד, אַ שוואַרץ-בערדיקער בלאַסער,

פון וואַרשע, פון קעלץ צי בענדין,
צווישן רואיקע ברוינע טורקמענער,
ער שווינדלט אַהער און אַהין —
און פאַרשווינדלט זיין קאָפּ פאַר אַ צענער.
דער צוג טוט אַ קאַלטן געהויל,
צעקרעכצן די רעדער זיך שווער,
שרייט דער ייד נאָך מיט שוים אויפן מויל:
דאָס האָט ער —
דאָס האָט ער —

ווען מיר פאָרן אַריבער קאַגאַן,
דערזע איך דעם יידן דעם זעלבן,
ער לויפט נאָך פאַרהונגערט דעם באַן,
מיט אַ פּנים אַ ביינעקן, געלבן,
ס'איז גראָ שוין זיין קאָפּ און זיין באָרד,
מיר זענען איין טאָג קוים געפאָרן,
אַ הענדלער געווען איז ער דאָרט —
און דאָ שוין אַ בעטלער געוואָרן.
ס'איז צעפליקט זיין רבנישע קלייד,
זיין האָריקע ברוסט, ווי אַ בער,
כריפּעט אוים נישט פאַרשטאַנדיקע רייד:
דאָס האָט ער —
דאָס האָט ער —

די זון האָט באַקרוינט דושאַם-בע,
אירע באָרגיקע שנייאיקע לאָקן,
איך גיי אין באַגינען — און זע,

אנטקעגן מיר קומט אָן דער זקן,
וואָס איך האָב געלאָזט אונטערוועגס — — — —
ער זאָגט מיר: מיין ווייב איז געשטאָרבן,
און קינדער געלאָזט האָט זי זעקס,
ווען איך איצטער טראָגן זעקס האָרבן!
האָב איך מיט דער קבורה געוואַרט
ביז דו ביסט געקומען אַהער, —
וואָס ביסטו פון אימה פאַרשטאַרט?
דאָס האָט ער —
דאָס האָט ער —

# אויב איך וועל פֿאַלן אונטערוועגנס...

אויב איך וועל פֿאַלן אונטערוועגנס, מיינע ברידער,
קוקט איין אין מיר זיך לאַנגזאַם, אַז איר זאָלט מיך געדענקען,
און ווען איר וועט אין לאַנד פֿון שלום קומען ווידער,
וועט מיין געזיכט אַנטקעגן אייך אין טייך זיך שווענקען.

כ׳וועל גריסן אייך געהיים פֿון פֿענצטער און פֿון מויער,
אין לויכטן אין די בליקן פֿון די פֿריינט די נאָנטע,
איך וועל אייך אָפּוואַרטן ביי אַ פֿאַרמאַכטן טויער,
און נאָכגיין אייך אין געסלעך היימישע, באַקאַנטע.

ווען איר וועט זיצן אין אַ קרייז פֿון גוטע מענטשן,
באַשיידן־שטיל דערציילן זיי דאָס דורכגעלעבטע,
וועל איך זיך צוהאָרכן און אייער שטילקייט בענטשן,
די טרערן מיינע אינעם לעמפּל־שיין פֿאַרוועבטע.

און ווען איר וועט נאָך האַלבער נאַכט ניט קענען שלאָפֿן,
ווייל איר האָט פֿריי געלאָזן די פֿאַרשטיקטע פּיינען,
וועל איך דאָן שטיין אין טיר וואָס איר געלאָזט האָט אָפֿן,
און ס'וועט מיין שמייכל אייך לבנהדיק באַשיינען.

און איר וועט רואיק איינדרימלען ווי קינדער קליינע,
איך וועל אין טרוים אייך ווי אַ טייך אין האַלב-טאָג — שטראַלן;
דאָס לעבן רוישט פֿאַר מיר שוין ווייט, ווי פֿאַר אַ זקנה,
וואָס זיצט געליימט אין סאַד, און הערט די עפּל פֿאַלן...

# קאַזאַכסטאַנער סטעפּ

אויפֿן האָריזאָנט אַ שניי־באַרג טונקלט גרוי, —
אין מײַן האַרצן פֿרירט און טונקלט עס אַזוי.

דאָרע סטעפּ־הינט מיט אַרויסגעזעצטע ריפּן,
מיט פֿאַרשוימטע ציינער און פֿאַרברענטע ליפּן,

יאָגן נאָך דעם צוג מיט אַ פֿאַרשטיקטן וואָי, —
אויפֿן האָריזאָנט דער שניי־באַרג טונקלט גרוי.

פֿייגל שטאַרן אויף די טעלעגראַפֿן־דראָטן,
אין די עשאַלאָנען שטאַרן מידע שאָטנס.

ווי די רויב־פֿייגל פֿון נאַכט־קעלט אויפֿגעפֿעדערט,
הויערט איינגעזונקען אין מחשבות יעדער,

פלוצלינג כאַפּט זיך אויף אַ שפּאַרבער — און עס אייגלט
בלוט דורשטיק אין דעמערונג אַזוי דער פייגל.

אַז אין האַרץ פון וואַגלער טוט אַ ברי, אַ צאַפּל,
ווי אין שטייג אַ חיה לויפט אום זיין שוואַרצאַפּל,

און אַ שווינדל טוט אין קאָפּ: צוריק אַהיים!...
נאָר דער גוף איז גליווער ווי אַ גרודע ליים.

איינגעקלעמט די עלנבויגנס אין די קני,
זעט דער וואַגלער, ס'זינקט דער שפּאַרבער אין זיין פלי.

שטום און קאַלט פאַרשווינדט דער פויגל אינעם בלוי, —
אויפן האָריזאָנט דער שניי־באַרג טונקלט גרוי.

# אין דער אַלט־שטאָט מאַרי

אין שטויב און אין היץ אין דער אַלט־שטאָט מאַרי,
דריי פּליטים, אַ מאַן און אַ פרוי און אַ קינד,
האַלב־נאַקעטע זיצן אין זאַמד־גלי און ווינט,
געזונקען די קעפּ אויף די שטעכיקע קני.
אַ ן ווינקל פון הויף זיצט אַ בלינדער באַכשי*
און וויינט אויס זיין מדבר־האַרץ אויף אַ דוטאַר,**
און ס׳הענגט ווי אַ שטויביקער וואָלקן דער צער.

דער מאַן קוקט פאַרטיפט אויף זיין מאַגערער האַנט
און מורמלט: דער שפּילער וואָס זיצט ביי דער וואַנט,
מיין האַנט האָט געטאַפּט און געפּרעפלט געהיים,
אַז איך וועל נאָך טרעפן מיין קינד אין דער היים, —
וואָס וויים ער דער וואַרזאָגער, ער איז דאָך בלינד?
אַז קוים איך געדענק דאָס געשטאַלט פון מיין קינד...

די הענט איינגעשפּאַרט אין די קנאָכיקע קני,
די וואַנדערער וויגן זיך מידע, אַזוי
ווי פייגל אַ שורה געבראָכן אין פלי, —
און ס׳רעדט פון איר נאַכטיקן חלום די פרוי:

---

*) באכשי — א טורקמענישער פאָלקס־זינגער.
**) דומאר — א צוויי סטרוניקע מאנדאָלינע.

— איך בין ביי מיין ברודער וואָס לעבט שוין ניט לאַנג
אין חלום געווען... און איך הער אַ געזאַנג,
איך ווייס, ס'איז מיין ברודער אָט נאָר אַרויס,
און קומט ער צוריק מוז איך בלייבן מיט אים,
איך ווייס, ס'איז דער טויט דאָ אין זוניקן הויז — — —
אין גוט איז מיר גוט... איך הער שעפּטשען אַ שטים:
„אַנטלויף! מוזט נאָך טרעפן אין לעבן דיין מאַן." —
און איך וויל אַרויס דורך דער אָפענער טיר,
טוט פּלוצלינג פון ווינקל מיין ברודער אַ שפּאַן,
און זאָגט צו מיר האַסטיק: דיין מאַן איז מיט מיר...

צעשמייכלט דאָס קינד זיך, דאָס פּנימל שיינט:
— דו קלעם זיך נישט מומע, דיר האָט זיך געדאַכט, —
באַקומען פון פעטער אַ בריוו האָב איך היינט,
דעם בריוול האָט מיר דער באַגינען געבראַכט.
דער פעטער מיר שרייבט אַז אויף אונדז זאַלבעדריט
אַ הייזעלע וואַרט ביי אַ וואַלדיקן ברעג,
פאַרנאַכט וועל איך גיין צווישן אייך אין דער מיט,
שפּאַצירן לענגאויס דעם פאַרוואַקסענעם וועג.

די פרוי דריקט דאָס קינד און ס'ווערט לויטער איר טרער,
דער מאַן וואָס זיין האַרץ איז אים לייַמיק און שווער,
זיין רוק־זאַק וואָס איז אויך זיין קישן — צעבינדט:
— געשאַנקען און שפּילצייג איך קלייב פאַר מיין קינד,
זוייל ס'דאַכט זיך מיר אָפטמאָל, מיין יינגעלע לעבט, —
איז גיב איך, מיין קינד, אַ מתנה דיר אָפּ,
אַ היטעלע, וואָס איז מיט זילבער געוועבט,
און אויסקושן וועל איך דיין ליכטיקן קאָפּ.

# אַ בריוו

„דעם בירגער מאַרגנשיין. טאַשקענט. די גאַס פון צוועלף בעריאַ־זעס."

...איך האָב באַקומען אייער בריוו, מיין פריינט,
אין אויך די לידער אייערע... געבענטשט איז אייער העזה,
וואָס איר שרייבט לידער יידישע נאָך היינט.

אין שלום־צייט וואָלט איר נאָך לאַנג געבלאָנדזשעט און געשטאַמלט.
אין קריג האָט איר מיט איינמאָל אויסגערייפט,
און אייער ליד איז אויך אַ נס אין טויט־געפאַר... ווי דאַמלט
ווען ס'האָבן קוילן אַרום אייך געפייפט.

ס'האָט אייער ליד מיין האַרץ דערפרייט, דערמוטיקט און פאַרחי־דושט,
ווייל מיט דער האַנט וואָס האָט געדריקט דעם ביקס,
איר שרייבט איצט פון שפּיטאָל אַ גלויביק ניי געזאַנג אויף יידיש —
אין אונדזער חורבה־אַש — אַ יונג געוויקס.

איז לאַמיר זיין פאַרבונדן, חבר מאַרגנשיין בנימין.
איך בין זיך מודה: איך האָב נישט געהערט
פון אייער דאָרף אין בעסאַראַביע... נאָר פון אייער נאָמען
שמעקט דורות יידישקייט פון אייער ערד.

איר שרייבט: „איר קענט מיין גרויער מאַמען פון די לידער מיינע,
דעריבער וועל איך אייער צער פאַרשטיין;
איר האָט אין וועג פאַרלאָרן אייער מאַמען אין אוקריינע, —
איז אפשר האָב איך זי געזען ווו גיין?...״

איך האָב פיל מאַמעס יידישע אין וואַנדער-וועג געטראָפן,
פאַרשולדיקט האָב איך זיך אַוועקגעדרייט;
איך זע מיין מאַמעס שוואַרצאַפּלען... זיי זענען שטענדיק אָפן,
און זוכן מיך אין פינצטערניש פאַרוויינט.

איז שרעק איך זיך צו טרעפן מיט איר בליק — דורך פרעמדע אויגן,
עם ברענען אירע האָר אַרום מיין קאָפּ — — —
וואָלט איך געווען אַ פויגל, וואָלט איך אויך נישט דורכגעפלויגן
די פייער-וואַנט וואָס טיילט אונדזביידן אָפּ.

נאָר אייך געשען קען נאָך אַ נס — איר זאָלט דער מאַמען טרעפן,
און שטענדיק מיט דער האָפענונג שלאָפט איין,
אַז אומגעריכט באַגינען ווועט די מיר זיך טאָן אַן עפן,
און אייער מאַמע וועט אין שטוב אריין.

דאַן זאָלט איר מיר צו וויסן טאָן... כאָטש ס׳שרייען אָנגעצונדן
אַרום מיין קאָפּ מיין מאַמעס גרויע האָר — — —
וועט אייער פרייד זיין מיינע אויך... ווייל ס׳האָט צונויפגעבונדן
דער זעלבער גורל אונדז אויף לאַנגע יאָר.

# אַ נאָמען

אַ שאָטן קריכט אַרום אין אויסגעבערענטן ראַוו,
דאָרט שטיקן פּליטים זיך אין אויסגעזאַלצטע שווייסן:
— שטייט אויף, חברים, און גיט אָפּ מיר — מזל-טוב!...
געבוירן האָט מיין ווייב אַ זון אין זאַמד אין הייסן.

די פּליטים שפּרינגען אויף און יעדער פּנים ברענט,
ווי ס'וואָלט די שקיעה-ראָד פון אים אַרויסגעפייערט,
זיי פלעכטן איבער ווי אַ זילבער-נעץ די הענט,
און וועגן צאַרט דאָס עופהלע ווי גינגאָלד טייער.

זאָגט איינער מיט אַ וואָלקנדיקער שווערער באָרד:
— אַן אָנזאָג איז עס אויף אַ לעבן אויף אַ נייעם,
אַ סימן איז עס, אַז מיר וועלן לעבן פאָרט,
איז גיב אַ נאָמען טאַקע דיין בן זכר — חיים.

דער אַנדערער פון פרייד איז שיכור ווי פון וויין,
ער ליאַרעמט: דו זאָלסט אָנרופן דיין זון — בן עמי,
דו זאָלסט געטריי זיין, יידיש ייִנגעלע דו מיין,
דיין שווער געפּרוווטן שטאַם און צניעותדיקער מאַמען.

דער דריטער זאָגט: נקמה, כאָטש דאָס קלינגט נישט גוט,
נקמה, כאָטש עס קלינגט נישט שיין — זאָל זיין דיין נאָמען!
דיין האָס זאָלסטו דערטרינקען אין דעם תּלינס בלוט,
און דו זאָלסט סמען ביז דעם צענטן דור זיין זאָמען.

די מוטער וויינט: ווי זאָל איך אָנרופן מיין קינד,
נאָך וועמען זאָל איך דיר, מיין קינד, אַ נאָמען געבן?
איך ווייס נישט ווער עס פעלט שוין פון מיין הויזגעזינט,
און ווער פון זיי דערווייל נאָך קלאַמערט זיך ביים לעבן.

דער פאָטער שמייכלט, אין זיין אויג אַ טרער בליצט אויף:
— און איך וועל געבן אַלע נעמען מיטאַמאָל אים,
ווי איר פלעכט אַלע אַרום אים די הענט צונויף —
איך וועל מיין זונעלע אַ נאָמען געבן — „שלום”.

# אַ קבר אין מדבר

דיין האַרץ האָט אין דער שקיעה אויפגעפלאַמט,
און אויסגעבערנט אין אונדזער אויג די טרערן,
מיר האָבן דיך באַהאַלטן און פאַרצאַמט
מיט קאַלך־שטיינער דיין קבר אינעם זאַמד, —
אָ, זאָלן היטן דיך ביינאַכט די שטערן.

דער הימל איז דער זעלבער אומעטום,
דאָך בענקט צום אָבות־לאַנד דער גוף דער מידער, —
דעריבער גליסטו שטיל אין דעם סאַמום,
ווייל דו פאַרבלייבסט אין מדבר קאַראַקום,
ווו ס׳וועט דער שטורעם שאָבן דיינע גלידער.

האָסטו געגעבן דורך דיין טויט געדעכט
די וואָגלער, וואָס דו האָסט געשטאַרקט אין צווייפל? —
אָ, ניין! דיין קינד וואָס רופט אונדז אין די נעכט,
זוען ס׳ווייגט די נאַכט אין אירע שוואַרצע פלעכט —
אין קינד רופסטו: „זייט ברידער נישט פאַרצווייפלט!"

דיין קבר בענקט צום היימלאַנד פון דיין וויג,
מיר טראָגן מיט דיין פּנים ווי אַ שפּיגל,
דו שמייכלסט אויך איצינד פאַרגלוויבט אין זיג, —
דיין קינד זעט דיך אין חלום אין דער ציג,
די ווייסע ציג וואָס האָט צוויי בלויע פליגל.

# אין ווייטן אַשכאַבאַד

די פרוי, וואָס איך באַגעגן יעדן טאָג איז שענער —
פון פאַלמעס גרינע אין אַ זילבער־שפּיגל, —
כאָטש זי געבליט האָט אינעם לאַנד פון די טורקמענער,
אַ ווערבע האָט געטרויערט ביי איר וויגל,
אין זוניקן, אין הייסן טורקעסטאַן,
האָט זי פון קינדוווייז זיך דערצויגן,
זי האָט געהאַט אַ בלאָנדן רום — אַ מאַן,
און אומעטיקע שווארצע אויגן,
דערקענט האָב איך אין אירע אויגן די צעגליטע,
דעם טיפן צער פון מיינע שוועסטער אין דער ליטע.

ווי קאַפּעטדאַג — דער באַרג־קייט זילבערט זיינע שפּיצן,
עס זילבערט שוין דער זייד פון אירע לאָקן,
די שניי־בערג, ווי פאָנטאַנען הויך צום הימל שפּריצן,
און ס'האָרכט אין דרימל קאַפּעטדאַג דער זקן,
דאָס מדבר־ליד וואָס ס'שרייט אויס דער באַכשי,
פאַרוואַקסן ווי מיט פלעכטן גרינע, —
ביים טייך אַמו־דאַריאַ אין געלן גלי,

גייט אויף אַ פלײשיקע די דיניע,
דאַ בייסט אין בלוט די פליג — די גרויזאַמע פענדינקע,
דאָ יאָגן די אַלכּאַטיקינער פערד די פלינקע.

מיט ברויט און טרערן ווי מיט זאַלץ... אַנטקעגן טויער
זי האָט אונדז, די געקומענע, באַגעגנט,
און אירע אויגן האָט פאַרפלייצט דער שטילער טרויער,
ווי שטעטלעך חשון-צייט, אין אונדזער געגנט, —
כּאַטש פרעמד און טונקל קלינגט פאַר איר די שפּראַך
פון אירע מערבדיקע ברידער,
נאָר היימיש שאַטנט איבער זיי איר דאַך
צו אָפּרוען די מידע גלידער,
ווי ס'וואָלט אַמו-דאַריאַ זיך אויסגעדרייט צו מערב,
צו אויפנעמען דעם מידן שטראָם פון בוג און נאַרעוו.

אין אונדזערע פאַרבענקטע לידער וועלדער ברויזן,
די סאָסנע-וועלדער לאָזן אונדז נישט שלאָפן,
מיר האָבן אין דער היים געליטן אַ יאָר-טויזנט
און טויזנט יאָר נישט אויפגעהערט צו האָפן;
די פרוי האָרכט איין זיך אויפגעשטראַלט-פאַרטראַכט,
די ווייט פאַרקלונגענע לעגענדע
פון אונדזער היים... ווי עמעץ וואָס דערוואַכט
פון שלאָף, ווען ס'איז דער טאָג צו ענדע,
און זי זעט אויס ווי אַ פאַרכישופטע פרינצעסן,
וואָס כאַפּט זיך אויף פון הונדערט-יאָריקער פאַרגעסונג.

און אונדזער מזרח-שוועסטער מיט די לאַנגע פלעכטן,
גייט צווישן אונדז אַרום ווי אין אַ חלום,

ווי זי וואָלט אומגעזוכט דעם גוטן און גערעכטן, —
ווייל איבערפרעגן וויל זי בלויז די צאָל אים;
זי מורמלט ווי פון זינען: איינס... צוויי... דריי...
זי צאָפּלט: פיר... פינף... זיבן...
פאַרפלאָנטערט נעמט זי ציילן אויף דאָס ניי,
ווי נאָר די צאָל וואָלט איר געבליבן, —
זי שטייט אויף שרייאיקע טורקמענישע יאַרידן,
און ציילט ווי אַ באַנומענע די טויטע יידן...

# באַרג־לייט

**א.**

פון פאמיר, די געטורעמטע אייביקע בערג,
ז:י כמאַרעס, וואָס רייטן אויף פעלדזיקע קערק —
אַראָפּ זענען רייטער,
אַן אויסרופער יאָגט איבער מערק,
און זיין בשורה אַזוי ווי אַ שייטער
צעלייגט אויף די בערג —
גיט איבער זיך ווייטער:
— פון די בערג, פון די בערג,
ווי שטראָמען וואָס וועבן די טאָלן אוים — גרין;
ווי אָדלערס פון פעלדזיקע נעסטן באַגין —
אַראָפּ זענען אונדזערע זין — — —

די רייטער אין שטורעם, די פערד אין גאַלאָפּ,
אַ פייף — שפרינגען רייטער פון זאָטלען אַראָפּ,
ווי פייגל וואָס שפרינגען אַרונטער פון צווייגן
נאָך קערנער — אין לוסטיקן פאַלן און שטייגן;

ווי קינדער וואָס שפּרינגען אַרונטער אין וואַסער, —
ווער בלייבט אינדערהיים און ווער בלייבט אויפן גאַס, ווער?
אַלע די רייטער אַרום,
מיט געשריי און געפּויק און געברום,
און זיי, די געבירג-לייט, אין קרייז אין דער מיט,
פלעכטן זיך שלאַנק און עם דונערן טריט,
ווי דער שווונג פון אַ לייב אויסגעמאָסטן און האַרט, —
נאָר די אָרעמס און הענט,
זיי נויגן זיך, בויגן זיך פליגלדיק-צאַרט,
אַזוי ווי עס וואָלטן צוויי זילבערנע פיש
געלאָזן זיך שווימען אין פאַרבן-געמיש
פון זון-אונטערגאַנג ווען דער טייך ווינטלט פריש —
און שווימען אַזוי אָן אַן ענד...
ווי קומט צו די באַרג-לייט פאַרבראָנדזיקט און שוואַרץ,
וואָס וואַרצלען אוים ביימער און האַקן אוים אַרץ,
אַ כישוף אַזאַ אין די הענט,
וואָס פלאַטערן, שושקען זיך שטיל און באַוועגן,
און רייצן דאָס בלוט און די בענקשאַפטן רעגן?

פּלוצלינג פאַרפּרעסן די הענט זיך אין פויסטן,
זיי כאַפּן די שווערדן אַרויס,
און אין היציקן טאַנץ דעם צעברויזטן
גראַנגל ברעכט אויס.
יעדער שווונג, יעדער שטויס
פון די שווערדן, וואָס בלישטשען געשליפן,
איז שאַרף ווי דער שניט פון די שיפן
אין שטראָמען; זיי צישן ווי שלאַנגען, ווי ציינער זיי קריצן

און שליידערן שטראַלן און שטאָליקע שפּריצן — — —
ווי עמעץ אין רעגן־גוס זעט פון אַ באַן,
ס׳צעצווייגן זיך בליצן אויף נאַכט־האָריזאָנטן,
אַ צעפייערטער בוים טוט אַ שפּאַן
פון דער ווייט אין דער נאָנטן —
א״ן ווערט אויסגעלאָשן...
טאַ־טאַ, טאַ־טאַ־טאַ,
שטייעןביימער צעפּלאָשן,
און זעען אין שטורעם מיט אימה,
אין חשכות אָן לשון.
אַ פלאַמיקע האַנט אַ געהיימע
צינדט אָן אויפן הימל־ראַנד שטאַמען
וואָס יאָגן פאַרביי א״ן פאַרפלאַמען...

אַט אַזוי טאַנצט אַ שהערד מיט אַ שווערד,
און אינמיטן פון טאַנץ — אַ געהילך,
שפּרינגען רייטער אַרויף אויף די פערד,
א״ן די פערד שווין אין שוימיקן מילך,
וואַרפן אָפּ ווייט אַהינטער די ערד — — —
ווי פאַמיר טויונט שפּיציק אין שניי
וואָלט אַ ריס זיך געטאָן אינעם שטרייט,
פינקלען שווערדן אין ווירבל־געדריי
אַריבער דער מחנה וואָס רייט.

ב.

אַ הונט איז דער, וואָס פאַר זיין לעבן ציטערט —
אַ בידנער הונט;

אַ וויסטער קאַליקע איז ער וואָס יאָמערט ביטער,
ער האָט זיין וווּנד
גלייך ווי אַ יחוס-פּאַרמעט אויפגעבונדן
און שנאָרעט געלט,
און בלויז נאָך דעם געצאָלט פאַר זיינע וווּנדן
ער שאַצט די וועלט.

מיין אוראַלט-פאָלק, אַמאָל האָסטו דערשטאָכן
דיין נביא אויך,
אויב ער האָט פאַר דעם שונא זיך געבראָכן, —
אין פלאַם און רויך
דיין אייגן הויז צעשטערט, און נישט געבליבן
דעם פיינט — אַ קנעכט.
אַמאָל האָסטו אויף פעלדזן אָנגעשריבן
דיין פרייע רעכט.

איצט גיסטו בלויז דיין קלאָג-ליד איבער ווייטער
פון דור צו דור, —
און אין די בערג, די שוואַרצע דרום-רייטער
מיט שוואַרצע האָר,
בירושה גיבן איבער זיך קינזשאַלן, —
אַ זון האַקט אָפּ
דעם שונאס קאָפּ — ווי ס'איז אַראָפּגעפאַלן
זיין טאַטנס קאָפּ.

מיך האָט דער גורל אין די בערג פאַרשליידערט,
און מיר דערמאָנט,

אַז ווי דאָס פֿאָלק וואָס לעבט אויף פֿעלדזן פֿריי דאָרט
ביים האָריזאָנט,
געלעבט האָט אויך מיין אורשטאַם שטאָלץ און מוטיק,
געטריי דעם פֿריינט,
און ביזן צענטן דור מיין פֿאָלק האָט בלוטיק
פֿאַרפֿאָלגט דעם פֿיינט...

# טאַדזשיקיסטאַנער האַרבסט

דער דינער מזרח־בוים צעפּלעכט די לאַנגע צעפּ,
געלע בלעטער פאַלן פון זיין קאָפּ, ווי גילדנע קאַמען,
מיט בלוי־געוועלבטע טיכער אויף די קעפּ,
יוסט שפּרייזן באַרג־לייט — שלאַנקע האַרטע שטאַמען.
מטבעות אויף דער ברוסט צונויפגעשפּילעט,
גלעקלעך אויף די הויכע קיילעכדיקע היט,
מיט רויטע קליידער, גרינע היליעס,
שוועבן מיידלעך דורך מיט לייכטע טריט.
מיט אויסגעצופּטע וואָנצעס, סיווע בערד,
וויגן זיך די מדבר־זקנים אויף די קעמלען,
יונגען יאָגן אויף די הייסע פערד,
און קינדער טרייבן אָן די אייזעלעך, וואָס דרעמלען.
די וואַנדער־זינגער אונטער זיך די פיס,
גרימפּלען אויף צוויי סטרוניקע כלי־זמר,
דער ציקלדיקער ניגון, לאַנג אַזוי און זיס,
ווערט פאַרהילכט אין דעם געשריי פון קרעמער.
אַ בלינדער טרעפער, אַ פאַרוואַקסענער מיט מאָך,
האַלט מיין האַנט, און מאָלט אויף אַ געדיכטן לשון.

ער פּילט נישט. אַז עס הענגט מיין אָרעם נאָך,
ווי אַ צווייג אין האַרבסט, פאַררעגנט און צעפּלאַשן...

איך שטיי אין דעם געזעמל ביי דעם טרעפּער,
און בלאַנדזשע אום אויף שרייאיקע ירידן
אַרום געשטעלן מיט געווירצן, רויטן פעפער,
ביי בערגלעך-קאַוועגעס און דיניעס-פּיראַמידן. —
די הויט פון קאַוועגעס איז אויסגעשלייפט,
ווי מירמל-שטיין מיט בלוי און גרין געשטרייפט,
און אויפגעהאַקטע — פאַרבלוטיקן זיי די געשטעלן.
די דיניע ווי אַן איי אַ גילדענע איז אויסגערייפט,
און אָנגעצונדן זענען די מאַרעלן;
אין שמאָלע קערב פון צווייגן, גרין געפלאָכטן,
דער וויינטרויב פערלט זיך אין זאַפט אין אויסגעקאָכטן, —
כ'איז אַ באַפאַל פון קונים און פון פליגן,
ס'איז אַ געקריג פון קויפער און פאַרקויפער, —
נאָר אין מיין האַרצן שפּילט אַן אַנדער ניגון —
ביי מיר אין האַרצן בלאָזט דער אלול שופר,
ווי אין די וועלדער די געדיכטע פון דער ליטע,
ווי אין די סעדער אין די האַרבסטיקע פון פּוילן,
ווען בלעטער ווירבלען אויפן ווינט פאַרבליטע,
און וואָלקנס ציען זיך, ווי שוואַרצע מיטות,
און טרויעריק די קאַלטע ווינטן הוילן...

דער שופר רופט און רייסט אַלץ נענטער, נענטער, —
און ווי אַ טייך, וואָס נעמט זיך ברויזיק שטאַרקן,
רייסט מיט אַ הויקערדיקן אַלטן פאַרקאַן —

מײַן שלעפּט דער רוף...

פֿון צער אַ דורכגעברענטער,

וואָקל איך דורך הינטער געסעלעך געדיכט באַוווינטע,
ביי הייזלעך ליימיקע, פֿון שטויב געקלעפּטע,
דורך דעם געדריי פֿון ווענט, אין זון־פֿאַרברוינטע,
דורך שמאָלע דורכגאַנגען אַרויף־אַראָפּ־געטרעפּטע,
וווּ אין געזעמל אויף אַ שול־הויף שטייען ווייבער,
און זקנים אויסגעמאַרעטע... פֿון שמאַטעס
געפּייניקט שרייען אויסגעדאַרטע לייבער, — — —
אַ, זין פֿאַרוואָגלטע, איר גרויע טאַטעס,
מיר זענען יאָרגלאַנג געווען אָפּגעפֿרעמדט,
אין האַרצן — נאָנט, האָט אונדז צעשיידט — אַ גרענעץ;
פֿאַראייניקט האָט דער גורל אונדז אויף אַ געשענקטער העמד,
אויף אַ געבאַרגטע וואַסער־קוואַרט, און ברויט אַ פֿענעץ.
מיין חרובע, מיין אויסגעבענקטע היים,
איך האָב מיט דיר געפֿירט אַ ליבשאַפֿט־ברוגז,
נאָר דו האָסט מיר געלויכטן אין געהיים,
און שטענדיק וואָך געווען אויף מיר דיין אויג איז.
מיין אויסגעצירטע יום־טובדיקע היים,
אין חורבות רויכערט זיך נאָך דיין געביין דאָרט — — —
— — — — — — — — —

אַך לאָז אַראָפּ זיך אויף אַ גרודע ליים,
דאָס פּנים אין די הענט — און בלייב פֿאַרשטיינערט.
און אַרום מיר אַ מחנה קראַנקע פֿרויען
יאָמערן: „וווּ זייט איר קינדער אויף די פֿראָנטן?"
און אַרום מיר אַ מחנה יונגען וואָיען
אין כמאַרנעם רינג פֿון שטרענגע האָריזאָנטן.

און דער געשריי שטייגט העכער אַלץ פון רגע,
ווי וואַסער איבער אַ פאַרשוועכטן קעלער,
דורך אַלע פענצטער רינט אַריין דער רעגן, —
זאָל ער רינען... אפשר דאָך וועט ווערן העלער!
איך שטום. פון בענקשאַפט — בלינד, פון ווייטיקן אַ טויבער,
און אויף מיין פנים ליגט די זון, ווי אייז — — —

— — — — — — — — — — — — —

איך עפן אויף די אויגן מיד, צונויפגעשויבערט
האָבן זיך די כמאַרעס און אַוועקגעשפרייזט.
אין הויף איז פוסט, עס הענגט נאָך, ווי אַ כמאַרע
אַריבער מיר די אויסגעקלאָגטע תפילה, —
באַוויינט דאָס הייפל איז מיט יידן פון בוכאַרע,
און ווייסן שפרייזן זיי, פאַרהילטע, שטילע.
אַ מיידל אין אַ גרינעםביידל, פון דער מאַך־טיר,
אין זיידענעם כאַלאַט, געשטרייפטע הויזן,
קוקט שטיל מיר נאָך, ווי אין דער היים — דעם רבינס טאָכטער
קוקט נאָך די בחורים, וואָס גייען פון די קלויזן.
אַ געדעכעניש גייט אויף אין איר פּאַמעלעך,
זי שטייט ווי אַ פאַרחלומטע בת־מלכה,
וואָס דערקענט האָט איר פאַרטריבענעם בן־מלך
אין פרעמדן, וואָס בעט אָפּרו און אַ באַלקן.
די אויגן אירע זענען אומרואיק און ווילד,
ווי ביי אַלע הייסע טעכטער פון טאַדזשיקן־ישוב, —
נאָר ווען זי שמייכלט שעמעוודיק און מילד,
דערקען איך זי... איר לעבן איז פאַכישופט,
און מיט קבלה־כתב אין ברוינעם לײם פאַרקריצט.
איך זע זי אין דעם פלאַנטער פון פאַרקאַנעס,

ביינאַכט, אַרומגיין מיט לבנה-שיין באַשפּריצט,
און טוליען זיך צו אירע וואָלענע באַראַנעס.
מיין בליק פאַררויטלט זי... פאַרשווינדט זי ערגעץ ווו,
דאַן רוקט אַרויס זיך מיט געדיכטע שווערע ברעמען
אַ זקן אַ בוכאַרער און ער ווינקט מיר צו,
און שטרעקט מיר אויס איך זאָל אַ מילגרוים נעמען...

דער זקן שמייכלט טרויעריק אַזוי, פאַרדראָסיק,
ער שאָקלט מיטן קאָפּ און שטיל רוימט
ער מיר אַריין ווי אַ געהיימעניש דעם פּסוק:
„— ישראלים האָבן פולע הערצער ווי אַ מילגרוים"

„די קללה איז אויף אונדז מקוים שוין געוואָרן,
וועט אויך די ברכה איצט מקוים ווערן,
גאָט וועט אויף דעם שונא אויסגיסן זיין צאָרן,
און אונדז פון פּנים אָפּווישן די טרערן".

דער מילגרוים גאָלדיקט אויף מיין דלאָניע,
ווי די שקיעה וואָלט אויף מיינע הענט אַראָפּגעפאַלן, —
ביז מיין ליכטיק העמד לכבוד ראש השנה,
ווערט פאַרבלוטיקט מיט די לעצטע שטראַלן.

# מיין אַלטער דור

וווּ זענט איר, זיידעס מיט די פלאַקסענע געדיכטע בערד?
וווּ זענט איר, מאַמעס, פרום פאַרהילט אין שאַלן? —
מיין יחוס־שטאַם אויף בלוטיק דורכגעווייקטער ערד,
דו וואַלגערסט זיך דעם קאָפּ אין שטויב צעטראָטן, —
נאָר איבער מיילן טויזנטער עס פלעכט מיין שאָטן
אין דיר זיך איין — איך זאָל נישט פאַלן...

אַ, פּרושים ליטווישע מיט קאַלטע טריט, די ספרים־אַלמערס דורכ־
געאַקערט,
ווזילקענער געלאַסענע פון רייסן און פון זאַמוט;
יידן פּוילישע מיט גאַרטלען און אין טאַנץ אַריינגעפלאַקערט,
תּאַווהדיקע וואָנצן, הייסע בערד און אויגן — סאַמעט.
שטעטלשע פאָרמאַניעס דעמבענע מיט יוכטענע כאַליאַוועס,
דער האַרץ־לוח היט אָפּ דעם יאָרצייט נאָכן טאַטן, —
דאָרפס־גייער פאַרשוויגענע, וואָס חלומען פון חלות
און פון אַ שבת־שלאָף אַ זאַטן;
הערינג־קרעמער מאָגערע אויף פּוסטן מאַרק... דער דלות
זוכט דאָרט ווי אַ גאַס־הונט ביי אַ יאַטקע אַ פאַרקלאַפּטע,

קלויזן ווו דאָס גאָלד אויף די פּרוכתן דער לעצטער שטראַל איז,
וועגן הינטערשטאָטישע פון הענדלער אויסגעטאָפּטע.
מאָכיקע בית-עולמס אויפן אנדער טייך-ברעג — אין אַ יעדעס שייבל

גריינען שטיל אַריין די קברים פון די נאָנטע,
יינגל-צייט מיין באָרוועסע, וואָס לויפט אום מיט אַ טייבל,
באַביצעס אין מעשענע שפּאַקולן היימישע, באַקאַנטע,
אַלע איר פאַרטראָגענע מיט שטויב, מיט ראָסט, מיט שימל,
וואַלדיקע לעגענדעס, ווינטער-נעכט פון שרעק און אַבערגלויבן, —
ערבאַרעמדיקע איז איבער מיר געהאָנגען אייער הימל,
עניוותדיקע איר — און פול מיט שטאָלץ און גלויבן.

זאָל זיין איך וועל אייך מער נישט טרעפן,
פאַרשנייטע שטעטלדיקע אינדערפריען —
כ'האָב קינדהוייז אין די וועלט מיין טיר צעעפנט,
און אַ פאַרוווּנדערטער געלאָזט זיך פליען.
איר וועגן ליטווישע אַרויפגעוויקלטע אויף אַקסן,
געבליבן זענט איר זומערדיק אין האַרץ מיר שטיין,
טרויעריק בין איך ביי אייער זייט געוואַקסן,
איר גייט מיר נאָך — וווהין איך זאָל נישט גיין.

כאָטש איך האָב, זיידעס, די עקשנות אייערע געטאָדלט אָפט,
האָב איך אין אייך קיין חוזק נישט געשליידערט,
ווער עס האָט מיט צער און ליבשאַפט אייך געשטראָפט,
ווער עס האָט זיך קאַלט פון אייך דערווייטערט;
ווער עס האָט אין פּנים אייך אַ בראָך געטאָן זיין האָס —
און אַליין זיך אין זיין האָס דערוואָרגן...

אַלטער גרויער דור פון אונדזער אָפּגעצוימטער גאַס,
איר פלעגט אויפשטיין פריער פאַר פרימאָרגן.
ווען מיר פלעגן אומקערן זיך הפקרדיקע האַלבע נאַכט,
זענט איר שוין וואַך געווען צו שווערער אַרבעט,
ביי אַ לעמפל האָט איר אין דעם אַלקערל געוואַכט,
צעקנייטשט פון זאָרגן און פון מי־טעג האַרבע;
ווען דאָס ליכט וואָס האָט אינדרויסן אונדז געצויגן,
האָט אונדז מער שוין נישט געוואַרעמט,
האָט איר אונדז אויסגעקושט די מידע אויגן,
און ווי אַן אַלטע ליפּע — איינגעשלעפערט אונדזער ליאַרעם.

אַ, ווייטע ציטריקע פאַרנעפּלטע געשטאַלטן,
איר זייט די מדבר־בערג אַריבער — און זיך אַנגעצונדן
אין ווייס־צעגליטן הימל דעם צעשטראַלטן,
און מיט אַ ווייטיק־שמייכל זענט איר שטיל פאַרשוווּנדן.
איך רוף צו אייך! — איר האָט אַדורכגעהאַלטן
יאָרטויזנטער דעם שטיין־צעגליטן האַגל,
און ווען דער שטורעם־ווינט האָט אייך געוואָלט אַ בראָך טאָן,
האָט איר זיך ווי אַ וואַלד צונויפגעפלאָכטן —
און געוואַגלט.

פאַרשווינדט נישט זיידעס מיט די בערד די פלאַקסענע,
איר, מאַמעס אין די צניעותדיקע קליידער,
פאַרטוליעט אַרום מיר די פּנימער די וואַקסענע
און סודותדיק פאַרוויגט מיך ווי אין קינדער־חדר.
איר האָט אונדז אין דער נאַכט אַרויסבאַגלייט מיט אַ לאַמטערן, —

זינט דעמאָלט שטייט איר אויפֿן שוועל און רופֿט אונדז פֿון דער פֿרעמד,

מיר לויכטן פֿונדערווייטן אייערע געהיימע טרערן,
איר זייט מיין רייַנגעוואַשענע, מיין לעצטע העמד.
אָן אייך בין איך אַ קבר־קראַנץ אַ בלעכענער, וואָס שאַרכט
אין ווינט אין האַרבסטיקן מיט טויטן־קלאַנג,
א:ן דער פֿאַרבייגייער מיט קאַלטן שווידער האָרכט
ווי טויטע ציינער קריצן אַ געזאַנג.

# צו חיים נחמן ביאַליק

די ביסט נישט צו אַ פעלדז פאַרשמידט ווי פּראָמעטיי —
אַליין פון פעלדזן זענען דיינע ביינער;
דו ביסט אַ שטים פון ניי־געבורט... און דיין געשריי
האָט זיך געהאַרטעוועט אין מירמל־שטיינער.
און ווי די שטיינער איינגעוואַקסן אין איין באַרג,
וועט אויך קיין שטורעם נישט פונאַנדעררוקן
דאָס וואָרט פון דיין געדיכט, וואָס איז געהאַמערט, שטאַרק,
און פאַר דיין אורקראַפט מוז איך טיף זיך בוקן.

אַ טעמפּל האָט געפּוסטעוועט אין רינג פון בערג,
און אירע זיילן — לייב פון די נביאים,
האָסטו געהאַקט גראַניט פון דעם תנ״ך — פון ווערק,
וואָס אונדזער פאָלק האָט אויסגעבויט מיט מי אים;
אַ מקדש האָסטו אויפגעשטעלט דערנאָך פון דעם,
ער האָט דערמאָנט אין פּראַכט דעם אַלטן היכל,
און אין דעם מקדש האָט געשוועבט דער שטרענגער שם —
דיין ריינקייט, וואָס איז נישט די שוואַכקייט מוחל.

כאַטש דו האָסט, דיכטער, מיטגעליטן מיטן תהום,
געווען איז אָפּט אין דיר — אַ בייז געלעכטער,
די האָסט אַראָפּגעפּלייצט צום אָפּגרונט ווי אַ שטראָם,
וואָס פעלדזן שלייפט, און דאַר־געצווייג — צעברעכט ער.
דאָרט אין דער נידער האָבן זיך געטוליעט שאָף,
און בלויז געוואָלט, זיין נישט באַמערקט און לעבן —
האָסטו אַרויסגעריסן זיי פון נאַכט און שלאָף,
זיי זאָלן זען ווי הויך די אָדלערס שוועבן.

די האָסט געוואָלט, אַליין מיר זאָלן אין די הענט,
דעם גורל ווי אַ האַק אַ שאַרפע נעמען,
געזוואוסט האָסטו, ס'איז אונדזער קראַפט נאָך נישט פאַרבלענדט,
מיר קענען אונדזער האַרץ אין פויסט פאַרקלעמען.
האָסטו געגראָבן זיך אין אַש פון „שחיטה־שטאָט",
און ווי אין האַלעוועשקעס — אין די גופן
אַ פלאַם אַ מורדישן צעבלאָזן קעגן גאָט,
און גאַר די וועלט האָסטו צום דין גערופן.

די האָסט געשטורעמט און געוויינט... און דיין געוויין
אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער האָט געפונען,
געלעבט האָט אונדזער שטאַם, און נישט אויף וויסטן שטיין
דיין דורכגעגליטע טרער איז אויסגערונען.
איצט ברעכט זיך אונטער אונדז די גאַנצע ערד ווי אייז...
און די, וואָס זענען לעבן נאָך געבליבן,
אין זוכן אויסגעפייניקטע אַן אָפּרו, שפּייז —
געפינען פאַרמעטן מיט בלוט באַשריבן.

ווען דו פלעגסט פון דער וועלט צוריקקערן אהיים,
האסטו דיין זיידנס שטיבל נאך געפונען,
דיין פלאם האט אין נר־תמיד נאך געצאנקט געהיים,
די שפין האט אין איר ווינקל נאך געשפונען.
געוויינט האט אויף דיין האלדז די שכינה ווי א קינד,
פארוויגט דיך האבן די בית־עולם־בוימער,
דאס הייזל, האלב אראפגעגראבן, גראז באגרינט,
האט דיך באוואכט ווי א געטרייער שומר.

נאר מיר, די מידע וואנדער־פייגל פון דיין שטאם,
צי וועלן מיר פון אונדזער היים די שוועלן זען?
פארכאפט האט אונדז דער שטורעם־ווינט און ס׳האט דער ים
די לעצט־געבליבענע צעזייט אויף פעלדזן.
דער היים־צוריקקער שרעקט ווי א פארסמטע ווונד,
מ׳ר זאלן אין דער חורבה נישט געפינען
די שקיעה, וואס איז קויל געווארן אויפן גרונט —
דעם טאטנס קאפ פארוואלגערט אין רואינען.

דאך לעבט א ישוב און ער בויט זיך אויף דער שפראך,
וואס דו האסט אפגעפרישט פון אלטע ספרים,
פארקריצט איז דארט אין שטיין די אותיות פון תנ״ך,
און זון־געביידעם שפיגלען זיך ביי קברים.
דיין ליבשאפט האט דארט אויפגעקאכט אין ווײַנטרויב־זאפט
ציפוסנס פון דעם ווילדן בארג גלבוע, —
און אויפגעהויבן האבן אקסל פול מיט קראפט
אויף זיך — די הימל־וועלבונגען די בלויע.

דאָס פֿאָלק, וואָס וואָגלט אַבער אין דער פֿרעמד אַרום,
האָט נישט קיין היים מיט מיילן אויסצומעסטן —
די היים, זי גייט אונדז נאָך באַשטענדיק אומעטום,
ווי נאָך די שוואַנען שווימען נאָך — די נעסטן:
ס'איז יידיש אונדזער היים!... זי היט אונדז טריי די טריט,
זי לאָזט אונדז פֿון איר ליבשאַפֿט נישט אַנטלויפֿן,
און זי איז אונדז ליב-טייער, ווי דאָס גראָז, וואָס בליט,
איז טייער קינדער פֿון די הינטער-הויפֿן.

ווער ס'וויינט אויף יידיש פֿרום, און ווער צו איר זינגט שטום
ווי נאָר איר שוים וואָלט אים אין צער געבליבן, —
און איינער אַ פּאָעט האָט צאַרניק זיין געבריל,
ווי כוואַליעס צו דער שטאָט ניו-יאָרק געטריבן,
ביז ער אין שאָפ געוואָרן איז פֿון פּראַצע בלינד,
דאָס ליד אויף אים — אַ משוגעים-קאַפּטן;
זיין וואָרט געוועזן איז ווי אַ וואָלקן זאַמד אין ווינט —
פֿול שטיין און דימענטן, און ליידנשאַפֿטן.

און איינער ביי דעם הודסאָן אויפֿן העכסטן שטאָק,
האָט שניי און גלאָז דערפֿילט אין זיינע לונגען,
ער איז געווען אַ דורכזיכטיקער מאַרמאָר-בלאָק,
זיין לייב האָט אין לבנה-שיין געזונגען.
פֿאַרליבט אין גלות-וויי ווי אין דער אַלטער פּראַכט,
האָט ער די אַלטע הייליקייט — פֿאַריידישט,
און ווי אַ טריבער אַלמן, פֿרייטיק אויף דער נאַכט,
האָט ער געמאַכט פֿאַר ווענט פֿאַר פּוסטע — קידוש...

און איינער האָט געקילט זיין האַרץ מיט גראָבע רייד,
פאַרשטעלט די טרערן מיט דעם רויך פון ליולקע,
געחוזקט האָט ער גאַליק מיט אַ בייזער פרייד,
אַז ס'וויל דאָס פאָלק בלויז חזיר־פלייש און בולקע.
און איינער זינגט פאַר טויבע שוין דעם צווייטן דור,
פינף צענדליק יאָר ער קראַמפּט אין זיינע ווייען,
און איינער (לעבט ער נאָך?) ער טראָגט אויף זיינע האָר
די גאַנצע ווייסקייט פון סיבירער שנייען.

אַ, ביאַליק, ס'איז דיין לאַנד אַ דענקמאָל דיר — פּאָעט,
נאָר ערגער איז דער מזל פון די דיכטער,
וואָס האָבן נישט קיין היימלאַנד... און מיט אַ געבעט
איך צינד אָן איצטער דיינע יאָרצייט־ליכטער.
זאָל אויפהערן דער ברודער־קריג אין אונדזער שטוב!
מיר זאָגן קדיש נאָך דער טויטער עדה
אויף יידיש, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון גרוב, —
און אויף דער חומש שפּראַך פון דער עקידה.

די שפּראַך פון חומש איז געוואָרן ווידער יונג,
און יידיש איז געהייליקט איצט געוואָרן,
ווייל ס'האָבן גוססע מיט אייז שוין אויפן צונג,
אויף יידיש אויסגעקאָרכלט זייער צאָרן.
גיב קראַפט, פּאָעט, דיין פאָלק, וואָס איז פון וויטיק — טויב,
גיב רו ביינאַכט און כוח אינדערפרי אים,
און אונדז, די דיכטער זיינע, גיב אַ האַרץ, וואָס גלויבט,
און נאָר דעם פייער פון די בני הנביאים.

# מיין יידישער לשון

ביי דער נאַכט פון די געסלעך, וואָס טייען פאַרלאָשן,
ברעכט אַרויס דאָס געזאַנג פון מיין יידישן לשון.

דאָס געזאַנג פליִיצט דורך פינצטערע גאַס-לאַבירינטן,
און ווירבלט ווי שנייען אין ברוזיקע ווינטן.

איין ברודער דעם אַנדערן האָט נישט באַנומען,
ביז דער טאָג איז אַוועק און די נאַכט איז געקומען.

אין טונקל דערקענען זיי איינער דעם צווייטן,
דאָס פרעמדס אויף זיי הענגט ווי צעריסענע קייטן, —

ביי דער נאַכט ווען אַ וואָלף נאָר אַ וואָלף קען דערקענען,
דערקענט זיך מיין שפּראַך, און די אויגן איר ברענען.

מיין טאַטע זינגט שטיל און זיין קול איז פון סאַמעט, —
איך הער מיינע ברידער פון רייסן און זאַמוט.

איך גיי נאָך די טרויעריק שטילע ניגונים,
און טרינק פון אַ קאַלטן טיף-נאַכטיקן ברונעם.

לאטגאליע — מיין מאַמע מיט נאַכט־אויגן גרינע,
ווינט איבער מיין קאָפּ זיך ווי איבער אַ תחינה.

ס׳גייט אויף האַלבע נאַכט, ווי אַ זון אַ צעגליטע
אויף צייטיקע פעלדער — מיין לשון פון ליטע.

ווי סנאָפּעס אין אָסיען פון שטורעם געדראָשן —
צעשפריצט מיין געקערנטער פּוילישער לשון.

אַז אַזערע פליעסקעט אין קלאַנג אין וואַלינער,
און זאַפּטיק איז ער ווי דער יונג־גראָז דער גרינער.

אַ שמעק טוט מיט וויינקעלערס, אויבס, מאַמעליגע,
כאַלדאַווישע דעמבענע יידן — נישט היגע.

מיט לידער אין שענקען און וואַליאַכס פאַרבענקטע,
און חרובע היימען פון דניעסטער פאַרשווענקטע.

ווי פאַספאַר אין טאַרף — נעמט אין טונקל מיר שיינען,
ווען פריידיק און הילכיק צערעדט זיך אוקראַינע.

אַ רוף טוט דער סטעפּ דורך די ווינטיקע קליידער,
אַ זונג טוט דער אַלטער פאַרגעסענער חדר.

ביי דער נאַכט פון די געסלעך, וואָס טייען פאַרלאָשן,
וואַקסט אַרויס הונדערט־הענטיק מיין יידישער לשון.

אַזאַ גיפט־זיסער בוים טויזנט־יאָריק אין וואַקסן,
געבראָכן פון ווינט און באַפרוכפּערט פון שלאַקסן.

און ווער ס'האָט פאַרזוכט זיינע סמיקע פרוכטן,
איז זיין צונג שוין פאַרסמט פונעם זאַפט דעם פאַרזוכטן.

און ווי ער פאַרפרעמדט זיך נישט — איז ער פאַרשאָלטן,
ווי אַ מערדער, וואָס לאָזט זיך פאַרוואַקסן אַ קאָלטן,

צו באַהאַלטן די שאַנד, אויסגעבּרענט אויף זיין שאַרבן —
נאָר דער מאָרד שרייט אַרויס פון זיין בּליק, פון די קאַרבן;

אַזוי קען נישט קיינער פון יידישע אויגן,
פאַרווישן דעם טרויער מיט טרערן פאַרצויגן.

און איינער דערהערט האָט די שפּראַך פון זיין מאַמע,
און אַ וואַקל געטאָן אין זיין קינדער-וויג סאַמע.

און איינעם דער לשון נעמט בריען און שטעכן,
ווי אַ גנב געכאַפּט אויפן אָרט פון פאַרברעכן.

און ווער פון די אינגעווייד ברעכט אים און מייקעט —
און קען נישט — און מוז אין זיין עקל זיך ווייקן.

אויך דער, וואָס די צייט נישט געלאָזט האָט קיין שפּור אים
פון אַפּשטאַם — דערהערט אַ פאַרקלונגענעם שטורעם.

ביי דער נאַכט פון די געסלעך, וואָס טייען פאַרלאָשן,
בּרעכט אַרויס מיין געפּייניקטער יידישער לשון.

מיט דעם יאָמער פון רעגן אויף האַרבסטיקע צווייגן —
און געפלאַטער פון פייגל אין זוניקן שטייגן.

מיט משוגענער פרייד פון אַ שטראָם איבער שטיינער —
און קריצן פון טויטע פאַרשטשירעטע ציינער.

און ווערטער ווי שטריק איבער תהומען געשליידערט,
פאַרבינדן די הערצער, פאַרפרעמדט און דערווייטערט.

אַ געברויז — און ס׳באַנעמען זיך לענדער און קאַנטן
דורך אָטעם, דורך קלאַנג דעם געשפּירטן, געאַנטן.

און ס׳קלינגען זיך קלאַנגען ווי טייכן צוזאַמען,
און קאָכן אַריין אין מיין האַרץ ווי אין ימען.

און איך שפּיגל אין זיי, ווי אין מאַרמאָר־באַסיינען
מיין פּנים, וואָס טונקל און טריב איז פון וויינען.

אַרויסגעפּלאַצט האָבן פון וויין־ברויז די שפּונטן
פון לשון, וואָס יערט ביי מיין פאָלק אויף די גרונטן.

און איבעריק איז מיר שוין מער נישט מיין ווייטיק,
מיין האָפענונג איז — פאַר מיין לשון נאָך נייטיק.

אַ מיין האַרץ, עס איז וואָר — פאַר אַ קופּערנעם גראָשן
פאַרקויפן די האַרץ־אָפּגעפרעמדטע דיין לשון,

און זעען אין אים נאָר דעם חוזק דעם שאַרפן
זיך איינער דעם צווייטן אין פּנים צו וואַרפן.

פאַרברענט איז מיין היים און אין חורבות פאַרזונקען,
נאָר קערנער אין אַש האָט מיין לשון ווי פונקען,

און דער ווינט אומעטום טראָגט די קערנער פאַנאַנדער,
ווי מיין פאָלק זיינע ביינער צעזייט אויפן וואַנדער,

און ערגעץ ווו וועט נאָך אַ וואַנדערער קומען,
און דעם טראָפּן דעם לעצטן פון דורשטיקן גומען

אַריינהויכן וועט ער אין מויל פון אַ צווייטן,
און ווי בינען צעטראָגן דעם האָניק פון קווייטן —

ביין לשון באַפרוכפּערן וועט מיינע ברידער,
און אַ קלונג טאָן דורך זיי וועט מיין הארץ, מיינע לידער,

וואָס איך האָב אין געסלעך, וואָס טייען פאַרלאָשן,
געזויגן מיט בלוט פון מיין יידישן לשון.

# די זון - ביי מיין אַנטלויפֿן

דו זוניקער גאָט מיט די אָקסענע הערנער,
דיין באָרד איז פֿון קופּער, דיין פּנים — אַ גליאיקער קויל,
און ווו דו דערלאַנגסט זיך אַ קער נאָר,
צאַפּלט אַ לעבן און שטאַרבט אין דיין צוואַנגיקע מויל.
פֿאַרפּלאָנטערט בין איך אין דיין שטראַליקע נעץ,
ס׳האָט דיין שפּיגל מיין אָפּבילד געפֿאַנגען;
דו שמירסט אויס דיין לייב מיט מיין בלוט ווי מיט פֿעטס,
און צעטרעטסט מיינע צייטיקע זאַנגען.
אַלזעאיקער אויפֿפּאַטער, קלוגשאַפֿט אַלוויסיקע,
איך גראָב זיך צו דיר פֿון דער פֿינצטער — אַ בלינדער,
נאָר דו הענגסט אויף מיר ווי אַ צען-טויזנט-פֿיסיקע
שפּין — וואָס פֿרעסט אויף אירע אייגענע קינדער...

איך לויף דורך ישובֿים און לענדער,
פֿרעמד זיינען מיר די מנהגים, די שפּראַך,
נאָר אומעטום האָב איך געזען דיך! —
דו ברענסט אינעם שטרויענעם דאַך.

אין מזרח-זייט גייסטו אויף גלוטיק,
אין מערב-זייט זינקסטו אראָפּ, —
אין פייער־רינג דרייט זיך פאַרבלוטיקט,
אַזוי ווי די ערד-קויל — מיין קאָפּ.

איך קען פון דיין ליכט נישט אַנטקומען,
איך קען דיר אין פּנים נישט קוקן,
דו זויגסט אויס דעם זאַפט פון מיין גומען,
קריימסט אויס ווי אַ בויגן מיין רוקן.

באַגינען פאַרשטעלט דיך אַ שלייער,
ביי טאָג טריפסטו רוי ווי אַ ווונד, —
איך גיי מיט צען-טויזנטער גייער,
און שפּיר נאָך דיין בליק ווי אַ הונט.

איך פיבער פון דיר ווי פון זומפן,
דו הייסט, מיך זאָל בריען — דער שטיין;
נאָר ביינאַכט ווען איך ליג איינגעשרומפן,
לויכסטו מיר טיף אין געביין.

אַ, מולך, ווער ביסטו? —
אויב דו ביסט דאָס אויג וואָס קוקט נאָך מיר — באַזונדער,
וועל איך גיין אין דער וויסטע,
און וואַרטן פאַרשאָטן אין זאַמד — אויף דיין וווּנדער.

אויב דו ביסט דער ווילן,
וואָס וועבט מיך צוזאַמען מיט גאָר דער באַשאַפונג,

װעל איך טרייסטן און שטילן
מײַן האַרץ: — אַלע זײַנען מיר שקלאַפֿן.

אויב דו ביסט מײַן שטערן,
װאָס הענגט װי אַ האַק איבער מיר װען איך װאַקל,
װעל איך לײַדן און װערן
פֿאַר אַלע װאָס לײַדן פֿון גורל — אַ פֿאַקל.

נאָר שלאָגסטו אַ בלינדער,
װי בײַנאַכט אין אַ שטאַל אַ פֿאַרהונגערטע חיה,
װעל איך גלײַך װי די רינדער,
שרײַען פֿון שרעק אין דער פֿינצטער פֿאַרטײַעט.

אָ, מולך, װער ביסטו? — דו ענטפֿערסט מיר ניט.
אַ פֿאַרסודעטער גליסטו — און היטסט מײַנע טריט.
דו קײַקלסט און שפּילסט זיך אַרום מיט מײַן שאַרבן,
איך רײַס זיך צום טויט — נאָר דו לאָזסט מיך נישט שטאַרבן.

אָ, גרויזאַמער מולך, דו װעלט־אונטערגאַנג,
האָסט פֿאַרשרפֿעט מײַן ברויט און װי שטרוי מיך פֿאַראַקערט,
װי לאַנג װעל איך זײַן נאָך אַ שפּיל דיר — װי לאַנג
װעל איך רויכערן זיך אין דײַן פֿלאַקער?...

# די זון - אין קריג

אין תהו ובהו, אין פייער-געוויטער,
דו גייסט און דו נויגסט זיך ווי דו וואָלסט געזונגען, —
און דיין שטראַלן-געוועב אינעם הימל-בלוי ציטערט,
ווי אַ גילדענע האַרף וואָלט געקלונגען.

דו שמייכלסט פון אייביקן גליאיקן טרויער,
וואָס דו האָסט אין האַרץ אונדז פאַרזייט, —
הייסער בליי ווערט דאָס טרייסט-וואָרט וואָס דו האָסט אין אויער
אַריינגעטריפט אונדז שטילערהייט, —
וואָס דו האָסט אַליין לאַנג געגערט מיט גרוים מי,
פאַרברענסטו אין איין אינדערפרי —
און דו שמייכלסט.

דו באַוויינסט נישט געפאַלענע קריגער,
דיך שרעקן נישט זיגערישע מאַרשן,
דו נעמסט צו דעם רויב-זאַק פון זיגער
און זאָגסט צום געשלאָגענעם: ירשן!

ווען דער זיגער וואָס איז איבער מענטשן געטראָטן,
טרעט, אין אַ גילדענע קרוין, איבער בלומען —
שמייכלסטו רואיק... דו ווייסט, אַז זיין שאָטן
פון דיר וועט נאָך קומען!

ווען עס ציט דער באַזיגטער אַן כוח דעם וואָגן,
ברעכסטו די וואָלקנס דורך בלענדיק, —
דו ווייסט אַז אין ראָד־לויף פון נעכט און פאַרטאָגן
איז נאָך די שפּיל נישט געענדיקט.

יוער עס איז פאַר דער וועלט דער גערעכטער —
איז נאָך פאַר דיר נישט גערעכט,
זיינע שטוב־וועגט פאַרטרויען פאַרטאָג דיר ווי וועכטער,
וואָס ער האָט געטראַכט אין די נעכט.
דעם שולדיקן שטראָפסטו, נאָר אויף דעם באַשולדיקער
גליט אויך דיין געלייטערטער צאָרן:
פאַרוואָס האָט דער גערטנער געוואָרט אַ געדולדיקער
ביז אין רויז איז פאַרקראָכן דער דאָרן?
קיינער איז קיינמאָל נישט שולדיק — אַליין...
זאָל טרעפן דיין בליציקע קללה
דעם, וואָס עס זענען די הענט זיינע ריין,
נאָר זיין האַרץ ברענט ווי סמאָלע...

אין דיין אייביקן רואיקן גאַנג,
גייט דורך ווי איין רגע — אַ גאַנצער יאָרהונדערט.
נאָר מיר — נישט געדולדיק און קראַנק —
מיר וואַרטן אויף וואונדער.

דער גורל פון אלץ וואָס איז טויט און וואָס לעבט,
אין דיין ראָד אין דיין שטראַליקע איז איינגעוועבט —
דאָך בלייבסטו באַזונדער.

ווי זון־בלומען דרייען צו דיר אויס די קעפּ,
דריי איך אויס שטענדיק מיין פּנים צו דיר,
ווי פעלדער פון געל־שוואַרצע רויזן אין סטעפּ,
רויש איך פון פרייד ווען דו שמייכלסט צו מיר.
פאַרנאַכט בויג איך אָן שטיל מיין קאָפּ און איך וואַרט,
ווי זוניקע אייל־זיסע בלומען,
איך ווייס, אַז פאַרטאָג וועסטו גליאיק און צאַרט
ווידער אַנטקעגן מיר קומען.

ווען עס טרעטן די שאָטנס צוריק, צינדסטו אָן
מיט טויזנטער רונדיקע זונען
די פעלדער פון רויזן, דאָס גראָז און דעם מאָן,
און עס שפּילט יעדע צווייג ווי אַ סטרונע.
דער מזרח ברעכט אויף ווי אין פעלדזן — אַ קוואַל,
דיין הייליקער לויטערער קוואַל לעשט
די אַלע וואָס זענען אָן טוי און אָן שטראַל
פלעגן אין אָפּגרינט פאַרחלשט.

# די זון – און דער מענטש אויף זיין וואנדער

פון די אייביקע שנייאיקע בערג,
ווו דו קרייזט אום אליין אין די נעפלען די בלויע,
קום אראפ און פארענדיק דיין ווערק —
דעם מענטש,
דו שטראליקער האר מיט די לאקן די גרויע,
קום אראפ אין די שטילע פארנאכטן
ווען דו הערסט אויף צו ברענען,
און לאז מיך צום סוד דעם פארמאכטן —
צו מיין ברודער גענענען;
ווייל שווער איז א מענטש אויסצוטראכטן,
נאך שווערער איז אים צו דערקענען...

משוגע בין איך פון מיין ליבשאפט צום מענטש, —
פון עקל צו אים בין איך קראנק,
מיין הארץ גייט אים בלינד נאך און בענטשט —
נאר עם לויכט אים אדורך מיין געדאנק.

זיין פנים איז שפיציק פון שנאה און שפאט,
זיין בליק טרעפט אזוי ווי א האק,

עס שרעקט אים די נאַכט, ווייל ער גלויבט נישט אין גאָט,
ער ליגט ווי אַ הונט אויף זיין זאַק.
ווי מיאוס ער פרעסט אין אַ ווינקל פאַרגראָבן,
ס׳זאָל קיינער זיין ברויט־זאַק נישט זען,
וואָלט אַ קרענק פון זיין פנים דאָס פלייש אויסגעשאָבן,
וואָלט ער מיאוס אַזוי נישט געווען.

ווען איך האָב דעם מענטש אויף זיין וואַנדער געטראָפן,
דערפרייט האָט מיין האַרץ זיך מיט אים,
ווי איינער וואָס שווימט אויף אַ קריע אין אייזיקן צפון,
און הערט פון דער ווייטן אַ שטים — — —
אַ, רויב־חיות ווילדע אין אייזערנעם שטייג,
ווי רואיק איר ליגט ביי אַנאַנדער;
די סאָווע וואָס לויערט ביינאַכט אין געצווייג —
איז נישט בייז ווי דער מענטש אויף זיין וואַנדער.

הויט־שטעכיק גלייך ווי אַ קאַקטוס אין זאַמד,
וואָס זויגט נישט קיין רעגן און טויען —
איז דער מענטש וואָס האָט זיך אָפּגעצאַמט
פון דער וועלט אָן פאַרטרויען;
ווי דעם גנב זיין לעמפל — באַלויכט אים זיין שכל,
זיין האַרץ איז פאַרסמט,
ווייל דער אומצוטרוי ברענט דורך זיין שמייכל.

דאָך שרעק איך זיך בלייבן אַליין, —
די וואָלקנס אַרום דער לבנה ווי שאָף אַרום ברונים,
אין וואַסער דער שליימיקער שטיין,
וואָס הויבט אָן צו אָטעמען ווען עס באַגילדיקט די זון אים —

אַ׳ז נישט ווי דער מענטש אַזוי שיין.
די ווינטן וואָס זינגען אין פעלזיקע היילן,
די וואַלדיקע קרוינען וואָס הוידען זיך שטיל אין די בלויען —
זיי קען איך מיין צער נישט דערציילן,
זיי קען איך מיין האַרץ נישט פאַרטרויען.

אַלמעכטיקער דו מיט די שטראַליקע לאָקן,
איך הער איבער ביימער דיך שפּאַנען,
דו שפּילסט זיך מיט שטורעמס און בליצן, —
נאָר ווו ס׳איז דער מענטש נישט פאַראַנען,
איך צאַפּל דערשראָקן,
און מוז אין דער פינצטערניש זיצן.

אַלמעכטיקער זוניקער גליאיקער גאָט,
פאַרוועבט אין דיין אייביקייט איז מיין קורצטאָגיקער גאַנג,
נאָר איבער אַ פינצטערן תהום הענגט מיין טראָט,
אויב עס הערט נישט דער מענטש מיין געזאַנג.

אויף דעם ערדישן קויל איז פאַרפּלאָנטערט אינאיינעם
בליאונג און וועלקונג, טויט־קראַמף און לעבן, —
אין דיין גילדענעם שפּיגל דעם ריינעם,
טיילן באַזונדער זיך אויס די געוועבן...
דו טראָגסט דורך דעם בלויען אין סוף
דעם סוד פון באַלוינונג און שטראָף,
דו פייער אין אייביקן שוועבן, —
נאָר וויינען וועל איך אין מיין איינזאַמען שלאָף,
אויב דו וועסט דעם מענטש פאַר אַ טרייסט מיר נישט געבן...

דער מענטש איז מיין בענקשאַפט. —
עס ווערט נישט דער גאָלד־זוכער מיד
צו גראָבן און זיפּן אין שטויב, —
איך שפּיר נאָך מיין ברודערס געמיט,
ווייל איך ליב אים און גלויב.

דער מענטש איז מיין בענקשאַפט. —
אין וואָגל האָב איך זיך דערוווסט,
אַז אָן אים ווערט דערוואָרגן פון ענגשאַפט
די וועלט אין מיין ברוסט.

דער מענטש איז מיין בענקשאַפט, —
ווי אַ שטורעם אין שנייאיקע נעכט,
איז ער שרייאיק. פאַרפּלאָנטערט און שלעכט, —
נאָר ווי דער פאַרנאַכט אין אַ האַרבסטיקן וואַלד,
איז ער טרויעריק־גוט,
ער גוססט אין טונקעלער שטילקייט און שטראַלט
אין זיין בלוט — — —

דער מענטש איז מיין בענקשאַפט. פאַרצויבערט האָט ער מיין געזאַנג,

כיך נעמען אַרום זיינע בליקן ווי רינגען,
זיין שמייכל פון וויטן פאַרכישופט מיין גאַנג,
איך גיי צו מיין אומקום — און הער נישט אויף זינגען...

# פרייהייט - אַ, זון...

פרייהייט — אַ, זון, דו מיין גילדענער שיין,
די וועלט די פאַרנאַכטיקע וואַרט אויף דיין לעצטן גענאַד,
איידער דו גייסט אין דיין היכל אַריין,
אַנטפּלעק אונדז דעם סוד — דעם אַפענעם גליאיקן סוד
פון דיין זיין...

אייביק געשלאָסענער ליכטיקער קרייז,
דו ברענסט ביי דער וועלט דער פאַרפייניקטער ווי ביי אַ גוסס צו
קאָפּנס,
ברעך אונדז אַרויס פון דער נאַכט. ווי פון אייז,
און לויכט אין מיין האַרץ ווי אין טויאיקן טראָפּן.

דו רואיקער מילדער פאַרקלערטער גאָלד־אַפּל,
דו שמייכלסט, אַלץ וויסיקער, שטענדיק פון אונטער די ברעמען,
ס'איז יעדער יאָרטויזנט געוועזן אַ שטאַפּל
צו דיר,
מיר האָבן גערופן מיט טויזנטער נעמען
צו דיר,

און דיך אויסגעצערטלט אין טויזנט געשטאַלטן;
דו — אונדזער תפילה און שרעק,
מיר שווימען צו דיר פון דער נאַכט זיך באַהאַלטן —
און דו שווימסט אַוועק.
אָ, מולך,
מיר ברענגען זיך אום פאַר דיין לייב דעם צעשטראַלטן,
דאָס רינט אונדזער בלוט פון דיר רויט, —
אַלמעכטיקער קופּערנער, גרויזאַמער מולך,
מיר האָבן דיר טעמפּלען געבויט,
אַ טיף איינגעבויגענער, גרויל איך
פאַר דיר,
מיט הענט אויפגעהויבענע בין איך מתפלל
צו דיר,
מיין גוף איז אַ קנויט און מיין בלוט איז אַ קוואַל אייל
פאַר דיר.

דו אוראַלטער שרעק-אומגעהייער,
אומהיימלעך פאַרקרימטער, פאַרגליווערטער ספינקס דו,
דו בלוטיקער קאָפּ אין אוקינוס פון פייער,
באַפליגלטער לייבן-קאָפּ, זאָג מיר, וואָס ווינקסטו
צו מיר?

די ביימער פאַרוויקלט אין רויטע געוועגדער,
שפּרייזן אין רייען, ווי כוהנים, פּאַזע די ברעגן,
און איך, מיט אַ גלויביקן בליק צוגעווענדעט דיר,
טראָג דיר מיין לעבן אַנטקעגן.
דער הימל-בלוי וועלבט זיך אויף גילדענע זיילן,

איך בוק זיך פאַר דיר אויף סאַפּירענע טרעפּ, —
איך ברענג דיר אַ קרבן מיין האַרץ דורכגעשטאָכן פון שטראַליקע פיילן
מיט אָרעמס פאַרהויבן בייגן די ביימער די קעפּ.

אַלמעכטיקער הערשער אין פלאַמען,
באַווייז זיך צו אונדז דורך די פורפור־יריעות,
מיר קוקן פאַרטרויט דיר אין פּנים, אַזוי ווי דער זויגלינג — דער מאַמען,

לאָז פאַלן דיין שמייכל אויף אונדזערע נאַכטיקע וויעס,
פאַרנעם אונדזער תּפילה, דו, זון־אונטערגאַנג,
פרייהייט, אַ, זון, דו מיין אייביקע שיין,
פאַרנעם אונדזער ליב, אונדזער אָוונט־געזאַנג,
איידער דו גייסט אין דיין היכל אַריין,
איידער דיין לופטיקער טעמפּל פאַרזינקט אינעם בלוי אינעם כוואַליקן,

דערלייז אונדז פון אימה און פּיין
אין דיין פייער דעם שטראַליקן...

# אַ קאַמער אָן פענצטער

אַ קאַמער אָן פענצטער. אין רויכן פאַרוואַרגן,
בין איך צוואַנציק יאָר אָפּגעזעסן געבויגן.
און האָב אויסגעפּיבערט אַ וועלט אין פאַרבאָרגן,
איז וויפל עס זאָלן נישט פלאַטערן טויבן
אין הימל אין בלויען — מיין שטיבל אָן שויבן
באַשטענדיק מיר קוקט פון די אויגן.

אויף יענער זייט וואַנט האָט אַ פּאָרל געפּלאַפּלט,
אַ פרוי האָט געלאַכט, און אַ עופל האָט נאַקעט
אין וואַסער געשוועקט זיך און פריידיק געצאַפּלט, —
אַ שטיינערנע קלייד איז געווען מיר מיין חדר,
געהערט האָב איך בלויז ווי מיין האַרץ האָט כסדר
אַזוי ווי אַ זייגער טיקטאַקעט.

פאַרנאַכט ווען די שטאָט האָט זיך גאָלדיק צעפינקלט,
האָט געל אויף מיין פנים דאָס לעמפּל געברענט שוין, —
מיין שאָטן האָט טריי מיך געהיט פון אַ ווינקל,

גערוישט האָט די גאַס ביז אין נאַכט-שעה אין שפּעטער,
גערוישט אין מיין איינזאַמקייט האָבן די בלעטער
פון בוך וועגן אַפּשטאַם פון מענטשן.

פון ביכער אַ שטויס ווי פון שאַרבנס — אין קאַמער,
די פינצטערניש איז נאָך געוואָרן געדיכטער,
ביז איך האָב צעבראָכן דעם שטיינערנעם קלאַמער,
מיט נאַכט אין די אויגן און פראָסט אין די גלידער,
בין איך אין פרימאָרגן ארויס זינגען לידער,
ארויס פון דער פינצטער — אַ דיכטער.

# מײַן ירושה פֿון פֿרייד

געלעגן בין איך אײַנגעוואַקסן אין שליים,
געפֿוילט האָט מײַן פּרוכטיקער זאָמען,
ביז מיך אָנגערירט האָט אַ זון־שטראַל געהיים,
געהערט האָב איך רופֿן מײַן נאָמען:
— דער חלום פֿון רום און די בענקשאַפֿט נאָך גליק
זאָל דיך נישט פֿאַרוועבן און פֿאַנגען, —
דער אמת זאָל שטײַן ווי די זון אין דײַן בליק,
און הייליק אים דײַנע געזאַנגען.

האָב איך מײַנע פֿרײַנט אויפֿגעזאַמלט,
און גלויביק פֿאַר זיי אויפֿגעזונגען מײַן ליד, —
פֿאַר וועמען איך האָב נאָך געשטאַמלט,
און אײנער פֿון שטרײַט און חלומות שוין מיד,
האָט טרייסט נישט געפֿונען אין לידער.
און דער וואָס פֿון וואָרט האָט געקלעפּט בלויז אַ בילד,
געוועזן איז אַזוי מיר דערווידער,
ווי ער וואָלט געבליבן נאָך האַריק און ווילד.

זיין וואָרט טראָגט ער אום ווי אַן אָפּגאָט פון ליים,
און איך האָב געטראָגן אין זיך עם.
גערייפט האָט דאָס וואָרט אין מיין שטומקייט געהיים,
ביז דאָס איז געוואָרן מיין שליחות.
ווי איינער טוט אוים אַ צעריסענע קלייד,
איך שייל זיך איצט אוים פון מיין נאָמען,
און נאַקעט איך טראָג מיין ירושה פון פרייד
פאַר אים — פאַר מיין ליכטיקן זאָמען.

# מען האָט מיך געלערנט

מען האָט מיך געלערנט: „זאָלסט צוװאַרפֿן שמײכלען װי גראַשנס,
נאָר טײער זאָל זײַן דיר דײַן רו װי אַ קאַרגן זײַן גאָלד״.
און איך פֿרײַ געלאָזט האָב מײַן שטורמישע האַרץ און מײַן לשון,
און נישט מיט קײן שמײכלען — מיט בלוט האָב איך חובֿות געצאָלט.

מען האָט מיך געלערנט: „זאָלסט האָבן פֿיל פּנימער,
אַ װאָלף צװישן װעלף און אַ פֿאַסטעך — פֿאַר קעלבער״.
און איך האָב אײן פּנים... און קען נישט מער
װי אומעטום זײַן נאָר דער זעלבער.

מען האָט מיך געלערנט: „אין דרײען זיך בױג — נאָר געװין!
פֿאַרלײקן זיך גופֿא — צוליב דעם נצחון״.
און איך בין באַשטענדיק אַזאַ װי איך בין,
איך בין אין אַ שעפּסענע פֿעל נישט פֿאַרקראָכן.

מען האָט מיך געלערנט: „הײב אָן אױך פֿון װינציק,
זײ גרײט זײַן אַ קנעכט, ביז דו װערסט — דער געביטער״.
נאָר איך װאָס איך װער אין אײן אױגנבליק גינציק,
פֿאַל אָן מיטאַמאָל װי אַ װילדער געװיטער.

# שנעון

ווי אַ שטראָם אין די בערג — שלאָגט די פרייד אין מיין ברוסט,
עס פליען אַרום מיינע בליקן ווי בינען נאָך האָניק,
די זון גליט מיך דורך מיט איר פורפורנער לוסט,
און ביינאַכט איז מיין לייב דורכגעלויבטן לבנהיק.

ס׳רוישט אַ טונקעלער וואַלד מיר צוקאָפּן אין שלאָף —
דער וואַלד וווּ מיין יוגנט האָט שטיל אומגעבלאָנקעט;
און עס שפּרינגען נאָך אום מיינע טעג, ווי די שאָף
אויף אַ זוניקער לאָנקע.

ווי אַ פלאָם ווייס צעגליט איז די הויט פון דער פרוי,
און היים ברינט איר ליפּ ווי אַ שטילער סאָמום;
עס שיטן אויף מיר זיך נאָך שטערן, אַזוי
ווי עס שיטן אַראָפּ זיך פון מאַרמאָרנע טרעפּ
בלוי-אויגיקע מיידלעך מיט ווייצענע צעפּ,
און רינגלען מיך פריידיק אַרום.

דאָך לאָז איך מיין הונגער נאָך לייב, און מיין חלום נאָך רום
אַהינטער דער טיר, ווי אַ הונט אַ געשלאָגענעם וואָיען, —
איך גיי מיט פאַרסודעטע ליפּן אַרום,
אין די אויגן באַרעכנטער קאַלטער שגעון.
מיין פּנים איז האַרט ווי אַנטשלאָסן אויף מאָרד,
פאַרשפּיצט אויף געפאַר און פאַרדאַכטן מיין ברעם איז;
איך האַק פון מיין לייב אויס אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט —
אויפצוכויען מיין אמת.

# מיין אמת

מיין אמת איז דורשטיק און גיריק,
אומפארשעמט-אומשולדיק זויגט ער מיך אויס ווי א עופהל,
ער גאפט אויף דאס לעבן וואס איז פילקאלירִיק,
אזוי ווי אין זון-שפיל — דער ים;
נאר זיין בלוטיקער פיינט איז דער צווייפל,
און א הארץ וואס זינגט — סתם.

מיין אמת... ער האט זיך עפעס דערשלאגן,
און גלייך ווי א חיה זיין פאנג — ער לאזט עס נישט אפ;
ער האלט אין די ציין אויפן ראנד פון פארטאגן
א הירש מיט א צווייגיקן קאפ.

מיין אמת... אים שרעקט נישט קיין פיין און אליין זיין,
אים שרעקט בלויז צו זיין נישט פארענדיקט, —
ער וויל ווי א בליץ אזוי גרויזאם און ריין זיין,
און ביזן סוף — בלענדיק.

מיין אמת... דאס לעבן וואס כישופט דורך טרערן
איז פאר מיין אמת א משל — מיין ענדציל זאל קלארער מיר זיין;
ער לויכט אין מיין בלאנדזשעניש מיר ווי א טורעם-לאמטערן,
כאטש ער בלייבט אין שאטן פון אייגענעם שיין.

# די צייט

די צייט אַרום מיר ברענט ווי גילדענע שפּיגלען,
און ווייזט מיר מיין איטלעכער תנועה, —
מיין שאָטן פליט הויך צו די שטערן,
מיין האַרץ איז אַ ווייטע נבואה,
מיין האָפענונג וויל זיך פאַרזיגלען —
און אייביק געוואָרן.

די וועלט איז משוגע פון בלוט... און פון זון־גלי זי פיבערט,
און איטלעכער טרינקט זיך אין האַס פונעם צווייטן, —
נאָר מיך רופט דער נאָך נישט געבוירענער מאָרגן אַריבער,
ווי ס׳רופט אַ פאַרשמידטער אין קייטן
דעם רייטער וואָס איז דורכגעפלויגן.

עס געהערן ניט מיר מיינע פריידן, —
דער ווייט־אויסגעחלומטער טאָג וואָס באַגינט
קוקט געהיימענישפול מיר אַריין אין די אויגן,
און אויף זיין נאָך נישט אויסגעפאָרעמט געזיכט פון אַ קינד,
וויל איך דעם סוד פון דער צוקונפט באַשיידן.

# אינאיינעם מיט אַלעמען

אינאיינעם מיט אַלעמען וואַלגער איך זיך אויפֿן וועג, אין די גריבער,
פֿאַרגראָבן די פֿנימער ליגן מיר פֿינצטער און וואַיען,
אַ קראַנקער בין איך וואָס געדענקט נישט זיין נאָמען אין פֿיבער,
דאָך לאָזט מיך נישט אָפּ דער שגעון —
איך שרייב.

ווען הימל און ערד מישן אויס זיך אין בלייענע שלאַקסן,
און ס'קרימט אויס דער טויט־שרעק מיין פּנים דעם בלייכן,
לייגט רואיק אַ וועק זיך אַ האַנט אויף מיין אַקסל:
„פֿאַרצייכן!"

איך שרייב אין סכּנה, און טרויעריק בין איך, געפּייניקט פֿון ספֿק:
וועט ערגעץ דער שטורעם דערקייקלען מיין פּאַרמעט?
איך שרייב, און מיין ליד מוז נאָך קלינגען לייכט סטראַפֿיק,
כאָטש שווער איז מיין קאָפּ און מיין האַרץ איז פֿון צער מיד.

אַ פֿעלדזיקער אָפּברוך פֿון טאָג איז מיין נאַקעטע לייב,
איך זיץ אויפֿן שוועל פֿונעם זון־אונטערגאַנג און איך שרייב.

# סוף זומער

איך צייטיק אצינד ווי אַ בוים אין סוף זומער,
שווער הענגען אַראָפּ מיינע צווייגן,
ס'ווערט שטילער דער פייגל-געטומל אַרום מיר,
איך גלי אין האַלב-טאָגיקן שווייגן.

מיין לעבן אַ פּרוכט-אויסגעבויגענער בוים איז,
ס'האָט מיין יוגנט ווי צווייט אָפּגעשנייט,
אָפּגעראַוועשט האָבן שוין מיינע חלומות,
אַ טאָג נאָך אַ טאָג מיר פאַרגייט.

איצט —
ווען איך וויקל זיך אויס פון די בלעטער און רייף,
אַ, זון, דיין גענאָד מיר באַווייז:
און גיס מיך אָן זאַפטיק און שטייף
יאָל ווי דו זיין מיין פרי — אַ זוניקער קרייז.

# צוויי פּנימער

בין השמשות בין איך — די לבנה און שקיעה אינאײנעם,
צוויי פּנימער קוקן אין מיר, נישט באַקאַנטע, זיך אַז,
ווען אײנער שוין גוססט — דער אַנדערער שטראַלט... און עס איז
מיין געוויין אים
אַ שטיל אַנגעשוואָמענער ווייטער פאַרנאַכטיקער טאָן.

אַ מאָלער בין איך... און איך מאָל זיך אַליין פונעם שפּיגל,
מיט אומרו געהיימער די פאַרבן דערקלייב איך,
כ׳ווייס מער ווענן זיך ווי עס איז אין מיין אָפּבילד פאַרזיגלט —
און פרעמד צו מיין פּנים אין שפּיגל פאַרבלייב איך.

# דער שטראָם פון די בערג

קומט אַרויף אויף די זוניקע בערג
וווּ עס קאָכט פון קאָלירן און קלאַנגען,
מיט כמאַרעס פאַרפּאַנצערט די קערק,
קלעטערן פעלדזן אַלץ העכער,
און קוואַלן ווי הירשן געפאַנגען
ברעכן אַרויס זיך פון לעכער.
די בערג האָבן ווילד זיך צעציינערט,
אַליין זיך אין גרימצאָרן איבערגעפורעמט,
און געבליבן אַזוי־אַ פאַרשטיינערט.
אינמיטן פון פעלדזיקן שטורעם.
קומט אַרויף אויף די זוניקע בערג
— פון די טיפע פאַרשווינדלטע גרונטן
אויפגעשטאַן קעגן גאָט איז זיין ווערק
אין שטיינערנע בונטן.

האָרכט ווי דער שטראָם שלאָגט אין שטיין,
ער קען דעם אַרויסגאַנג נישט טרעפן,
קרייזט ער אַרום זיך אַליין,
אונטער אים טוט דער תהום זיך אַן עפן.
ער לאָזט זיך אַראָפּ איבער טרעפ,
און נעמט איבער באַרג־ריסן פאַלן,

מיט שוימיקע זילבערנע צעפּ
שפּרינגען פון אומעטום קוואַלן.
גייט אַ געראַנגל פון וואַסער מיט אַרץ,
צעזעצט זיך אַ שטראָם אָן אַ שטיינערנער האַרץ,
און שפּרינגט אָפּ אַ ברומיקער
גלייך ווי אַ חיה —
נאָר אין אַרומיקע
היילן פּאַרטייעט
בויערן כוואַליעס און מורמלען דערשראָקן,
ביז עס פּלאַצט אויף די מרידה,
און ס׳ברעכט די פּאַרפּלייצונג די מאַרמאָרנע בלאָקן,
וואָס פאַלן שוין איינציקווייז מידע
צעקרישלט, צעשמעטערט
אין באַרגיקן קלעטער.

און דער שטראָם יאָגט אַלץ האַסטיקער, מונטער
מיט וואַלקנס און זון אָנגעטרונקען,
און עס פאַלט פון זיין לייב אים אַרונטער
דאָס קלייד פון בריליאַנטענע פונקען.
דער טייך איילט צו דורשטיקע טאָלן,
און שפּרינגט איבער קערק פון געבויגענע בוימער,
און פול איז זיין דנאָ מיט קרישטאָלן
פון באַרגיקן שנייאיקן שומר,
וואָס ער אויף זיין וועג האָט באַזיגט
ווען ער האָט מיט פעלדזן געקריגט — — —
און דאָרט אין דער נידער
עס כוואַליעט דער שטראָם מיט די פרייד־ווידערקולן
פון באַרגיקע לידער.

# דער נביא

דער וואָס ליבט פאַרב און קלאַנג
יענעם באַרויש איך נישט.
נאָר וועמען טיף טומ באַנג,
יענעם אַנטויש איך נישט.
הערצער פאַרווייטיקטע,
אין טרייסט-רייד געניטיקטע,
זיי אין דער חושכניש —
לויכט מיין געזאַנג!

ווען ס'האָט די זון געשפּילט
אויף אַלע פּנימער,
האָב איך פאַראויס געפילט:
— ברידער, אַ שטורעם גייט!
נאַכט וועט און פינצטער זיין,
זייט איר צום שטורעם גרייט?
ס'וועט ניט דערקענען מער
איינער דעם אַנדערן.
בלינד אין דער מינדסטער שיין,

וועלן מיר וואַנדערן.
ברידער, די זון פֿאַרגייט,
ברידער, זייט גרייט!

האָט איר באַטרונקענע,
שיכור פֿאַרזונקענע,
אייערע שוואַרצאַפּלען
אויפֿגעשפּיזט חוזקדיק,
איר האָט מײַן האַרץ-צאַפּלען
אויסגעלאַכט ברוגזנדיק.
— אייביק דערצאַרנטער,
שרעק-בילד געהאַרנטער,
קלאָג-מוטער דו.
פֿינצטערע סאָווע דו,
נאַכט-בלינדער נביא דו.
גיי אין דײַן רו!

האָב איך די ציין פֿאַרקריצט,
האָב איך מיט גאַל געשפּריצט:
— איר זייט ווי קינדער גלייך,
גליקלעך מיט שפּילצייגן,
און ווי אין ווינט דער טייך,
ווילט איר ניט שטילשווייגן.
ס'זאָרגט זיך די מענגע נישט,
קוקן — און זעען נישט.
האַלט אין געפּענגעניש
מיך דעם פֿאַרזעעניש.
ווי אַ פֿאַרשפּיגענער

מצורע בין איך,
איך וואַרט אַ פֿאַרשוויגענער —
און דערוואַרט האָב איך זיך!

אייך אויסגעניכטערט האָט
וועלפֿישע הוילעניש;
אייערע דיכטער האָט
אָנגעכאַפּט גרוילעניש.
האָבן זיי אימהקע
גלייך איינגעבראָכן זיך,
און ווי די ליימיקע
הייזלעך צעקראָכן זיך.
איך בלויז, דער עלנטער,
איך דער פֿאַרשטויסענער,
רוף אייך פֿון שוועל און טיר:
— ווער איז אינדרויסן, ווער?
קומט אין מיין הויז אַריין,
ווי טויבן און פֿעלדזן, —
ווען עס גייט אויס דער שיין,
גייט אויף מיין העל זען.

ברידער געשלאָגענע,
פֿון שטורעם געשליידערטע,
האַרץ-פֿרייד געטראָגענע,
צער-אויסגעלייטערטע! —
שטאַרק זייט, צום וואָפן — יונג,
און צו געשלעגן גרייט,

גליאיק, פול האָפענונג,
זון — שוין אָנטקעגן גייט.
איך דער געשוואָרענער
נביא פון אונטערגאַנג,
אַ ניי־געבאָרענער
זינגט איצט פון מונטערגאַנג.

# דער וועכטער

דו זעסט דעם וועכטער איינגעדרייט אין אַלטן פּעלץ,
געהויקערט שטייט ער אויף זיין שטעקן — ביי דעם טויער,
זיין חלום איז אַ הייסע זופּ מיט אַ געשמעלץ,
ער גליווערט פּוסט, זיין מוח איז פאַרוואַקסן,
אַן אויסגעלאַשענער אין ווינטן און אין שלאַקסן,
און נאָנט איז אים זיין נויט, און היימיש אים — זיין טרויער.

אין אָוונט ווען איך גיי, באַגלייט פון פריינט, אַהיים
און מיך פאַרשיט, ווי שטויב אויף פּוסטע מערק — געלעכטער,
קוק איך אים נאָך פון קיינעם נישט באַמערקט, געהיים,
אויך איך וויל זיין ווי ער פון אַלעמען פאַרשוויגן,
אַוועקגעוואַלגערט אויף די פירהויז-שטיגן,
און שטומען ווי אַ קאָרטש, און מיד זיין ווי דער וועכטער.

דער מידער מענטש... דאָס לעבן שלעפּט ער זיך פאַרביי,
גלייך ווי דער וועכטער ביי דער נאַכט פאַרביי די קראָמען,
דעם היטער אָרט נישט וואָס ער היט... ווייל סיי ווי סיי
איז וואָס מען טרויט אים היטן — נישט זיין אייגנס,

דער טאָג גייט אויף און ער גייט מיד זיך לייגן
און ס׳וועקט נישט ווי אַ פרעמדער אים אין שלאָף — זיין נאָמען.

אַמאָל פלעגט אין זיין מאַרך נאָך אויפשפריצן אַ פונק, —
איצט גלאָצט ער ווי אַ פייער-שטויס אָן אויסגעברענטער,
אַמאָל פלעגט נאָך דאָס לעבן טאָן צו אים אַ ווונק,
און גלייך אים אויסגעהוזקט אין דער רגע,
איצט קומט ער נעענטער שוין צו זיינע ברעגעס,
ווי ס׳קומט די ערד צו איר פאַרפּרירונג נעענטער, נעענטער.

# מאַן און ווייב

אין אָרענבורג ווו מיד הויבט אויף זיין קאָפּ דער צפון,
ווי ס׳הויבט זיך אויף אַ וואַנדערער אין סטעפּ —
בין איך — זיך אַנטרינקען פון באַן אַרויסגעלאָפן,
פאַרצוימט האָט דעם אַראָפּגאַנג פון די טרעפּ
אַ פרוי... די אויגן אין די רעלסן איינגעגראָבן,
האָט זי אין צער די הויט פון אירע הענט געשאָבן,
און מיטגעטרויערט האָבן אירע צעפּ.

אין מיטן פון געדראַנג אויף שטיינערנער פּלאַטפאָרעם,
געלעגן איז אַ מאַן אויף זיין געפּעק
דעם קאָפּ פאַרבראָכן אויף זיין שטאַרן אָרעם,
ווי ס׳לייגט זיך אויפן וועג אַ בוים אַוועק.
דערפילט האָב איך זיין גורל, וואָס האָט אים פאַרבונדן
מיט יענער פרוי דאָרט אויף די טרעפּ, וואָס האָט געשונדן
די הויט פון אירע הענט אין שטומער שרעק.

דערנענטערט האָב איך זיך צו אים ווי צו אַ קראַנקן:
„— וואָס ליגט איר ווי אַן אָפּגעדרייטע ראָד?

שטייט אויף!..." אַ שמייכל האָט אויף אים גענומען צאַנקען,
דערשטוינט וואָס איך האָב אויפגעדעקט זיין סוד.
די אויגן זיינע האָבן אויפגעטויכט פון נעפּל,
ווען איך האָב אים געזאָגט: „די פּרוי דאָרט אויפן טרעפּל
איז מיר אַ שאָד... און איר זענט מיר אַ שאָד."

„אויב איר וועט איינס דאָס אַנדערע אַצינד פאַרלירן,
הייט שוין צו אייך דאָס גליק נישט קומען מער, —
ווי בעטלער אין דער נאַכט וועט איר באַזונדער פרירן,
און יעדער גאַס־לאָמפּ וועט אייך זיין — אַ טרער...
אינאיינעם איז אייך שווער אין בלאָנדזשעניש, אין עלנט, —
נאָר ווען עס וועט דאָס ליכט פון שלום זיך צעהעלן,
וועט אייך די איינזאַמקייט זיין טאָפּלט שווער."

דער פרעמדער האָט זיך אויפגעשטעלט און אויפגעשטאַמלט:
— ווי מאָדנע זענען, חבר, דיינע רייד,
אין אונדזער האַרץ האָט נישט קיין האַס זיך אָנגעזאַמלט,
די ביטערניש, דער וועג האָט אונדז צעשיידט.
מיט יעדן מייל צעשניידט דער צוג מיין לייב אויף שטיקער,
איך וויל אַ שפּור כאָטש לאָזן פאַר מיין היים צוריקקער —
און אויף צוריקוועגס איז מיין פּנים אויסגעדרייט

מיין ווייב לויפט ווייטער ווי איר וואָלט געטריבן
אַ קללה פון דער היים, אַ ווילדע שרעק —
האָב איך זיך אָפּגעריסן... דאָ וואָלט איך געבליבן!
האָסטו דעם ווייטיק מיינעם אויפגעוועקט.
כ'וועל גיין נאָך איר... און כאָטש די וויאָרסטן זענען קייטן,

און ווו זי וועט נישט גיין, דאָרט וועל איך זי באַגלייטן,
נאָר הער: עס פייפט... דער צוג איז שוין אַוועק!

די רעלסן פון דער באַן — ווי אָדערן־געוועבן
וואָס דראָלן אַן זיך אויף אַ קערפּער בלוי —
געקלונגען האָבן נאָך... אַ וואַקל האָט געגעבן
דער מאַן פאַרטויבט פון שטאָלענעם געוואָי
פון צוג וואָס איז אַוועק... „זי וואַרט אויף דער פּלאַטפאָרעם" —
האָב איך געזאָגט... ווי אַן אלמנה ליגט אויף קברים,
געלעגן איז אויף איר געפּעק די פרוי.

זיי האָבן אָנגעקוקט זיך ברוגז אויף צופליסן,
און קינדיש זיך צעפּלאַפּלט מיטאַמאָל,
דער באַן האָט מיט אַ טיכל — מיט אַ רויך אַ ווייסן
זיי נאָכגעפאָכט פון איבער באַרג און טאָל.
פאַרשולדיקט האָט מיך אָנגעקוקט דער מענטש דער פרעמדער:
אַוועק די באַן איז מיט מיין פּעקל שפּייז און העמדער,
און נאָכגעפייפט מיט חוזק מיר אין קול.

געמורמלט האָט דער מאַן: אין דעם בין איך בלויז שולדיק.
און ס'האָט די פרוי געכליפּעט: ווײ און ווינד,
ווער זענט איר, וואָס איר זענט צו פרעמדע לייט געדולדיק,
איר זענט געבליבן נאַקעט אויפן ווינט — — —
איך האָב זיך שטום אַוועקגעדרייט... מיין טויב די שטילע
האָב איך פאַרלאָזט... נאָר מיר העלפט אויך נישט קיין מחילה,
ווייל נישט פאַריכטן קען איך שוין מיין זינד.

# באַנגעניש

חברים צוויי... מיר האָבן זיך אויף אַ וואָקזאַל באַגעגנט,
ער האָט אַ וויג געטאָן דעם קאָפּ און מיר אַ זאָג געטאָן געשווינד:
— „געדענקסטו ווי מיר האָבן מיט די ווייבער זיך געזעגנט? —
מיין ווייב האָט זיך פון מיר צוריק אַרויסגעריסן צו איר קינד.

איך האָב געוויינט פאַר איר: „אַ, לאָז מיך איצט אַליין נישט איבער,
איך בין איצט שוואַכער פון דיין קינד, וואָס איז געבליבן אינדער־חיים.״ —
דער זון־פאַרגאַנג האָט אויף איר בלאַסן פּנים אויפגעפיבערט, —
און שטיל איז זי פאַרשוווּנדן ווי אַ בליץ אין זומער־נאַכט, געהיים.

אַרום געכוואַליעט האָט דאָס קאָרן־פעלד. די הויכע זאַנגען
פאַרטרונקען האָבן זי... אַליין בין איך געבליבן אויפן פעלד,
און ווי מיין בלוט וואָלט דאָרטן מיטן קאָרן אויפגעגאַנגען,
אויף שטענדיק האָט די ליכטיקייט פון מיינע אויגן אויפגעהעלט.

זינט דעמאָלט וואַלגער איך אין שטויב זיך, ווי אַ קראַנקע חיה,
דאָס קינד... מיין קינד, וואָס האָט געדאַרפט פאַרבינדן אונדז —
האָט אונדז צעשיידט.

איך זע מיין ווייב, זי ליגט פינף טויזנט מייל אין נאכט פארטייעט,
און גלייך ווי דורך אַ ווענטל רעדן מיר זיך איבער שטילערהייט.״

איך קוק אויף אים. זיין בלאָנדער קאָפּ ווי שטרוי איז אָנגעצונדן,
און אומגעלומפערט פלאָנטערט ער און שטאַמלט מיט די ברייטע
הענט,
ווי ער וואָלט דאָרט אין פעלד דאָס ברויט אין גארבן איצט געבונדן,
ער קוקט אויף מיר ווי ער וואָלט אין מיין שטים — זיין חבר נישט
דערקענט:

„געדענקסטו ווי איך האָב מיין ווייב צוריק אַהיים געטריבן?
זי האָט מיר שטיל־פאַרשעמט אַ זאָג געטאָן, די בליקן צו דער ערד:
„וואָס טרייבסטו מיך?... ביי מיר איז דאָך קיין קינד דאָרט נישט
געבליבן!״
און מיט אַ שמייכל האָט זי האַסטיק זיך אַוועקגעקערט.

זינט דעמאָלט ברענט איר שמייכל ווי אַ שראַם מיר אויפן פּנים,
איך הער, זי וויגט אַ ווינט אין וויגעלע — דעם אייגענעם געוויין״ —
חברים צוויי... מיר האָבן אָנגעקוקט זיך גלייך ווי שונאים,
און יעדער אין זיין עלנט איז פאַרבליבן נישט געטרייסט, אַליין.

דער צוג איז אָפּ. מיר האָבן מיט אַ בליק זיך שטום געזעגנט,
זיין ביטער האַרץ אַוועקגעטראָגן האָט מיין חבר אויפן פראָנט, —
און ווי איך וואָלט דערזען דאָס קאָרן־פעלד אין אונדזער געגנט,
האָט דורכן פענצטער איינמאָל נאָך זיין קאָפּ געטאָן אַ פלאַקער —
בלאָנד...

# צוויי פרויען

צוויי פרויען פון קאָרן־פעלד שלייכן אַרויס,
זיי גייען אין שפּור פון פאַרגאַנגענעם זומער,
און זייערע נאַכט־שאָטנס ציען זיך אויס
צום שייד־וועג... דער אָוונט ווערט גליווערדיק־שטומער.

געבויגענע אונטער דער משא פון גאָלד,
די זאַנגען פאַרוויקלען זיך איינס אינעם צווייטן,
זיי שושקען זיך טרויעריק־שטיל ווי עס וואָלט
אַ ווייטע געהיימע דערמאָנונג זיי ווי טאָן.

ווי עדות וואָס האָבן די קעפּ אָפּגעקערט,
די ווערבעס אין טונקל געהויקערטע שווייגן,
מיר זענען אַרויס פון דער היים זאַלבעפערט —
די ווערבעס געזען האָבן צוויי בלויז פאַרבייגיין.

אַוועק זענען מיר אין דער נאַכט זאַלבעצווייט,
די שיידונג פאַרכישופט אין וועג האָט די פרויען;

דער וועג האָט אויך זייערע מענער צעשיידט,
ווי ער וואָלט דעם צער זיי איינאיינעם נישט טרויען.

צוויי מענער... צעשיידט ווי מיר זאָלן נישט זיין —
דאָך טרעפן זיך אונדזערע בליקן אויף מיילן;
מיר זעען צוויי פרויען אין דעמערונגס-שיין,
צוויי פרויען ביים וועג ווי צוויי שטראָליקע זיילן.

אויף אונדזער צוריקקער זיי וואַרטן אין פעלד,
זיי זענען צוריק שוין אַהיים נישט דערגאַנגען — — —
ס'האָט זאַפטיק אין ברויט זייער לייב אויפגעקוועלט,
און ס'פלאַטערן זייערע האָר אין די זאַנגען.

# אויף אַ באַנק

אין האַרבסט פֿאַרגאַנגענעם אין אונדזער פּאַרק,
מיר האָבן, אָפּגעפּרעמדטע, זיך געזעגנט, —
איצט האָב איך מיט אַ פּעקל אויפֿן קאַרק,
אין אַשכאַבאַדער גאָרטן דיך באַגעגנט.
אין אונדזער גאָרטן פֿאַלט שוין איצט אַ שניי,
דער גאָרטן בענקט נאָך אונדז אין ווייסן ווײ.

איך פֿלעג דיך אָנרופֿן: מײַן צאַרטע אינד,
מיט ראָזע אויערן און בלאָע אָפּלען,
ווי ס'רונצלט זיך אַ וואַסער אינעם ווינט,
פֿלעגסטו זיך אונטער מײַנע בליקן צאַפּלען.
איצט ברענען דײַנע באַקן אויסגעבלייכט,
דער האַרבסט האָט אויך אין דרום אונדז דערגרייכט.

מיר האָבן זיך געצערטלט — און געקוועלט,
און נישט געשטילט — מיר זענען זיך צעפֿלויגן,
אין אונדזער ליבשאַפֿט האָט אַ טרויס געפֿעלט,
וואָס גיסט אָן מיט אַ זיסן טוי די אויגן.

איצט טרוימען מיר פון אפרו און א היים
אין א טורקמענער דאָרף פון ווייסן ליים.

אויף יענעם אסיען קוקן מיר זיך אום,
ווי אויף א קינדער־שפּיל אויף גרינע לאַנקעס, —
מיר האָבן אינעם מדבר קאַראַקום,
ווי הירשן צוויי דערשראָקענע פאַרבלאָנקעט,
פאַרבלאָנדזשעט האָבן אויפן נע־ונד
צוויי הירשן אינעם האַרבסט פון אשכאַבאַד.

# פרילינג

אין אַשכאַבאַד איז פרילינג שוין. דער ריח פון יאַסמין
פאַרשיכורט אונדז ווי ווײַן, אין קאָפּ נעמט מישן,
דער ערדענער געלעגער אונטער אונדז איז גראָזיק־גרין,
דער שנייאיקער יאַסמין איז אונדז — אַ קישן.
מיר קוקן פונעם לײמיקן טורקמענער הייפל
ווי קאַפּעטדאַג, דער באַרג־קייט שמייכלט ווי אַן עופהל,
און באָדט זיך אינעם טוי אין פרישן.

די אויגן שוואַרץ, די לאָקן ווילד צעוואַקסן,
ס׳וואָלט איטלעכער געשוואָרן: אַן אַרמענערין ביסטו, —
נאָר ווען עס זינקט דײַן קאָפּ אויף מײַנע אַקסל,
דערמאָן איך זיך: אַ וואָגלערין ביסטו וואָס בענקט נאָך רו.
דער וווּנדער פון די לענדער האָט דיך שוין פאַרמאַטערט,
צום פרילינג, פויגל מײַן, האָסטו נאָך נישט דערפלאַטערט,
און ס׳רינען דײַנע האָר ווי שלאַקסן.

אין אונדזער היים מיר האָבן זיך גערופן, ווי פאַרפרי
אין וואַלד־געדיכטש זיך רופן איבער — טויבן,

נאָר צווישן אונדז איז אַ פאַרטרויערטע געשטאַנען — זי...
און דו האָסט נישט געוואָלט איר גליק באַרויבן.
זי איז געבליבן דאָרט... און מיר צונויפגעשטויסן
זיך האָבן דאָ, ווי ווי נאַכט-שאָטנס אין דרויסן
אין חשכות קעגן העלע שויבן.

די קערפּערס אונדזערע וואָס האָבן זיך אַמאָל באַגערט,
פאַרפרירן איצטער אויף די ווייסע בליטן,
איר ריינקייט שיידט פונאַנדער אונדז ווי אַ געשליפטע שווערד,
כאָטש זי נישטאָ איז צווישן אונדז אינמיטן.
ווי קענען מיר דעם אָנדענק פון איר ריינקייט בייז טאָן?—
איז לאָמיר איינס דאָס צווייטע אין איר נאָמען טרייסטן:
מיר ליידן — זי האָט אויך געליטן...

# צו אַ באַרימטער פֿרוי

אין מחנות פּליטים האָב איך דיך באַגעגנט,
איך האָב זיך אָפּגעשטעלט — און דיך דערקענט:
נאָך נעכטן האָבן שטערן דיך באַרעגנט —
איצט ליגן אַלע שטערן אויסגעברענט.
האָב איך געוואָלט דיר זיין אַ שוץ אין בלאָנקען,
און אָנשטאָט שטערן דיר מיין האַרץ געשאָנקען.

מיט גאָר דעם שווידער פֿון אַ שרעקיק ייִנגל
וואָס איז אין טויט־געפֿאַר געוואָרן — מאַן,
אין וועלדער פֿון דעם פֿיינט אַרומגערינגלט,
מיט גאָר דער שווערקייט פֿון מיין מידן שפּאַן,
האָב איך אַן אָטעם זיך אַ וואָרף געגעבן,
און דיך גענומען אין מיין טרוים פֿאַרוועבן.

דו האָסט געשטוינט... דיין האַרץ האָט נישט פֿאַרשטאַנען
מיין שטאַמל און דעם וויי פֿון מיין געמיט:
— דו האָסט ווי איך פֿאַרבלאָנדזשעט אויף די באַנען,
פֿאַרלוירענע, דו האָסט דאָ קיינעם ניט.

איך בין דיין היים אויף אָוונטיקע שטרעקעס,
נישט וועק די בענקשאַפט אין דיין האַרץ, נישט וועק עס...

דו וואַגלערין, האָט דיך נאָך נישט געלערנט
דיין גורל צו פאַרגעסן אָן דיין רום?
אויף יענער צייט קוק איך זיך איצטער אום,
געווען איז אויך מיין נאָמען אויסגעשטערנט, —
ווי אויף אַ כאַר פון גלעקער פון פאַראַסטע,
וואָס הענגען שטום אין צערקוועס אין פאַרלאַזטע...

אַ באָן־קנופּ האָט אונדז אויף אַ שעה פאַרפלאָנטערט,
ביסט אין מיין עלנט ווי אין היי — אַ פונק...
איך בין אַ דורכגייער אַ נישט באַקאַנטער,
און בעטל בלויז אַ גוטן בליק, אַ ווונק.
איך זויג פון אַלע אויסגעברענטע לאַגלען,
און אַ פאַרשמאַכטער מוז איך ווייטער וואַגלען...

# זיי גוט צו מיר

### א.

זיי גוט צו מיר... דו זעסט ווי מיינע הענט
פאַרלעשן זיך און אָנמאַכטיקע פאַלן,
די ליכטיקייט פון זיי האָט אויסגעבלענדט,
ווי אין געצווייג די לעצטע שקיעה־ שטראַלן.

ס'פאַרוויאַנען מיינע הענט ווי צווייגן צוויי,
און ווייסטו, טייערע, וואָס איז די סיבה? —
ס'האָט עמיצער געגעבן אַ געשריי,
און דו האָסט הויך אַ לאַך געטאָן אַן ליבע.

אַ וואָרט אַ שאַרפּס הילכט אָפּ אין מיר אויף לאַנג,
ווי אינעם וואַלד אַ האָרן וואָלט געבלאָזן, —
זיי גוט צו מיר... ווייל טיף מיין האַרץ טוט באַנג
מיין שטילע איינזאַמקייט וואָס כ'האָב פאַרלאָזן.

איך האָב געטרויערט צו אַ ווערבע גלייך,
וואָס איר געזיכט פאַרשטעלט זי מיט די צווייגן, —

אַז זי זאָל זיך אַליין נישט זען אין טייך,
פאַרשפּינט זי זיך אין אַסיען און אין שווייגן.

געוואָלט האָב איך אַז דו זאָלסט מיר פאַרבייגיין — — —

נאָר ווי עס קומט אַנטקעגן פונעם קוואַל
אַ פּויערטע מיט אָנגעשעפּטע עמער,
האָסטו מיך אָפּגעשטעלט — און אַ צעפּראַל
געטאָן די פולע אָרעמס דיינע: — „נעם מיר!”

ב.

זיי גוט צו מיר... נישט זיי דאָס ליכט וואָס כישופט —
און נישט דערגרייכן קען צו איר דער שיפער,
וואָס זוכט אין חושכניש פון נאַכט — אַ ישוב,
און בלאָנדזשעט אויף אַן אַזערע אַ טיפער.

האָסטו זיך אויף אַ רגע מיר באַוויזן,
מיין פינצטערניש דערנאָך זאָל ווערן גרעסער?
ביסטו דער שיין דער שטאָלענער פון שפיזן?
ביסטו דאָס קאַלטע ליכט וואָס שטראַלט פון מעסער?

אַ, ניין!
אין דיר אַזוי פיל זון־שיין איז פאַראַנען,
און אין דיין האַלדז — אַ וואַלד־שטימע אַ זיסע,
דיין קוש דער זאַפטיקער לאָזט מיך נישט וויאַנען,
און ס׳זעגט דיין ליכט — די קראַטן פון מיין תפיסה...

דאָך ווײנט מײַן האַרץ: אַ ווינט וועט דיך פֿאַרטראָגן,
פֿאַרטראָגן פֿון דעם פֿענצטער אין מײַן טורעם,
און אין מײַן לעבן וועט די פּוסטקייט קלאָגן,
ווי אַסיען־צײַט אַ פּוסטער וואַלד אין שטורעם.

די אַזערע פֿאַרסודטע צווישן פֿלאַנצן,
וועט אויסקושן דײַן שאָטן אין איר שפּיגל,
און אויף מײַן דלאָניע וועלן גאָלדיק גלאַנצן
צוויי פֿעדערן פֿון דײַנע שאַרפֿע פֿליגל.

נאָר ווי אַ קינד באַוועגט אין טרוים די ליפּן,
און ווי עס שאַרכט אַ בוים מיט זײַנע צווײַגן,
כ׳וועל זײַן אין דײַן געלעכטער, אין דײַן כליפּן,
און לויטער ווי דער האַלבטאָג — אין דײַן שווײַגן.

# דערקענסט מיך נישט...

**א.**

דערקענסט מיך נישט... אין ניינצן ניין און דרייסיק,
האָב איך מיט דיר זיך אויף אַן אַזערע געשיפט, —
די ציינער מיינע זענען נאָך ווי דעמאָלט בייסיק,
מיין פּעכיק בלוט האָט נאָך פון מיר נישט אויסגעטריפט.
דער וואַלד האָט אונדז געהיים אַרומגעשאָטנט,
די אַזערע האָט אין מיין האַרץ אַריינגעבלויט,
די שטילקייט פון דעם וואַסער האָט פאַראָטן,
אַז אונטער אונדזער שיפל פליעסקעט זיך דער טויט.
אין דרייצן שפּיגלען האָב איך זיך געשפּיגלט,
מיין היימלאַנד... דרייצן אַזערעס פאַרבלויען דאָרט,
אַ גליאיקער האָב איך דיר נאָכגעפליגלט,
אין פייכטן גרינס דיר נאָכגעהיפּט פון אָרט צו אָרט.
ביז איך בין דיך אין מיטן טייך באַפאַלן
און מיט מיין הייסן מויל דיין אויסגעשריי פאַרשטיקט, —
אין מיינע אויגן שפּילן נאָך די שטראַלן,
וואָס האָבן דעמאָלט ווי אַ נעץ דיין לייב פאַרשטריקט.

איך האָב געשטאַמלט: „דו מיין בלאָנדע געטין,
אַנטלויף נישט, פייניק מיך נישט מער, דוווילדע פרוי,
איך הער אין פייכטן גרינס דיך באָרוועס טרעטן,
צעטרעט מיט דיינע לייכטע פיס מיין גוף אַזוי...״
דעם ווייצן־קאָפּ, דעם שלאַנגען־האַלדז פאַרבויגן,
האָט בלאַנק דיין לייב אין שיפל אונטער מיר געשטאַרט,
און ס׳האָט מיט אויפגעשטראַלטע זשעדנע אויגן
דער אָפּגרונט אויף אַ ריר אַ האַסטיקן געוואַרט — — —
און פלוצלינג אויפגעציטערט האָט דאָס וואַסער,
איך האָב די בליקן אויפגעריסן קוים פון היץ,
פאַרבייגעשיפט האָט עמעץ... אַ מבשר,
אַ פישער־יונג, דאָס פּנים שוין מיט בלוט באַשפּריצט...
מיין לייב האָט פון דיין לייב זיך אָפּגעריסן,
אין תהום אַראָפּגעפאַלן איז מיין הארץ: ס׳איז קריג!
און אין מיין האַלדז האָט טיף זיך איינגעביסן
אַ שלאַנג... באַפאַלן אויפן שטילן שוועל פון גליק.

ב.

דערקענסט מיך נישט?... אין יוני, צוויי און צוואַנציק,
אין ניינצן איין און פערציק, דאָרט אין די געבערג, —
אָך, דיינע אויגן זענען ווידער פייכט און גלאַנציק,
דערקענט האָב איך דיך אומגעריכט אויף מזרח־מערק
אין רינג פון שניי־געקרויזטע בערג געפאַנגען, —
נאָר דו, פאַרוואָס קוקסטו מיך אָן אַזוי דערשטוינט?
דערמאָנסטו זיך נישט אַרום אונדז די זאַנגען?
די זון אין קאָרן־פעלד, דיין קערפער בראָנז־פאַרברוינט? —

דער קריג האָט ווי אַ שטורעם זיך דערווייטערט,
פאַרקייטלט האָבן זיך די טעג אין בלאַנקן יאָר,
און ווי אַ שרפה-אָפּגלאַנץ אין דער ווייט דאָרט,
האָט גלוטיק אויסגעברענט דער טאָג אין דיינע האָר.
איך האָב אויף דיר מיין פיבער אויסגעאָטעמט:
— „איך יאָג דיך שוין צוויי יאָר... אַרום איז רויך און פלאַם,
עס לויפט אַ הירש און ס'יאָגט אַ בער אין טראָט אים,
דעריאָגט האָב איך דיך אויף אַן אינדזל אויפן ים.
די וועלט פאַרזינקט אין בלוט — און מיר אין פייער
פון לוסט און זון-פאַרגאַנג... איך קוש דיין לעבן אויס,
דער ים פאַרגיסט אויך אונדז... די שעה איז טייער,
די וועלט פאַרזינקט אין בלוט — און איך ביי דיר אין שויס."
דו ביסט געלעגן מיד פון לוסט און שטרייטן,
אַראָפּגעשאָטנט נאָכגעביק האָט שוין דיין ברעם — — —
און פלוצלינג — זעלנער אינעם טאָל דעם ווייטן,
אַ שווערד צעהאַקט האָט אונדזער גוף-צונויפגעקלעם.
אַ רויב-פויגל האָט איבער אונדז געקרייזלט,
אַ רויב-פויגל פון ניקל מיט אַ האָקנקרייץ, —
געציטערט אויפן בערגל האָט דאָס הייזל,
און אַ דערשראָקענער געכוואַליעט האָט דער ווייץ.
ווי וואַסער-פלאַנצונגען פון ווינט פאַרטרונקען,
מיר האָבן קוים זיך אויסגעפּלאָנטערט לייב פון לייב,
די וועלט אין פייער און אין בלוט פאַרזונקען,
און מיר — אין טויט-שרעק און געפּלעכט פון מאַן און ווייב.

**ג.**

דערקענסט מיך נישט... דו שמייכלסט אַ פאַרפרעמדטע,

דו ביסט גאָר קיינמאָל נישט געווען אין אונדזער לאַנד, —
אַ טרייסל טוסטו דיינע נישט צעקעמטע
גאָלד־לאָקן, און שטאָלץ אַ פיר צום שלייף דיין האַנט.
ווען ס׳האָט געיאָגט געפאַר מיך דורך די לענדער —
האָב איך נאָך דיר דורך פייער זיך געיאָגט!
דערקענסט מיך נישט... מיין פּנים איז פאַרענדערט,
ווייל דיין געשטאַלט האָט ווי די זון מיך אויסגענאָגט.
איך בין אין אונטערערדישע געוועלבער
פון טויט פאַרפאָלגט — געלעגן און פון דיר געטראַכט.
דערקענסט דיין חלום נישט?... איך בין דער זעלבער,
וואָס קומט צו דיר אין שלאָף אין יעדע האַלבע נאַכט.
און ווי עס בליט אריין אַ בוים אין וויאַסנע
אין פענצטער — בלי איך אין דיין שלאָף אריין.
דו טרייסלסט דיינע גאָלד־לאָקן, מיין סאָסנע,
און לאַכסט: „מיין שלאָף איז קאַלט ביינאַכט ווי צפון־שיין״...
איך פאַל צו דיינע פיס פאַרשייטע, שלאַנקע,
איך הייב זיך אויף — אַ כוואַליע ביז צום מאַסט;
דו ביסט אין מיינע נעכט די פיבער־קראַנקע —
אַן אַזערע אין האַרץ מיר בלוי ארייגעפּאַסט.
איך פאַל צו דיינע פיס... דו ביסט מיין יוגנט,
דו ביסט מיין לייכט־טורעםביים אָפּגרונטיקן ראַנד,
דעריאָגט האָב איך די פרייד — און זיך באַגנוגנט!
נאָר דו נעמסט קאַלט און שטאָלץ אַוועק דיין האַנט.
דו ברענגסט מיך אום... בלויז דו קענסט מיט דיין צויבער
פאַרכישופן מיין בענקשאַפט פון אַ לעבן־לאַנג, —
מיט גוואַלד וועל איך דיך נעמען ווי אַ רויבער,
דו ברענגסט מיך אום... אַ, זון־פאַרגאַנג, מיין זון־פאַרגאַנג — — —
— — — — — — — — — —

אוועק פון מיר! מיין אומגליק דו דער גרעסטער,
דערגרייך איך דיך, קומט הינטער דיר ארויס די שטראף,
דער גורל מיינער! ווי א טיגער מעסט ער —
ווי ס'מעסט א טיגער זיינע שפרונגען אויף די שאף.
זיין האנט דערפיל איך אויף מיין אקסל דאמלסט,
ווען איך דערטראג מיין פרייד שוין אויפן הויכן בארג,
ער שמייכלט שארף: וואס טראגסטו דא און זאמלסט? —
דאס אלץ וועט דריקן ווי א הויקער אויף דיין קארק.
און קרום קוקט ער, דער גורל, מיר אין פנים, —
ווי א נקמה-נעמער אין דער טיף פון וואלד,
ווארט אפ אין אוונט-שטילקייט אלטע שונאים,
און צאלט מיט בלוט פאר בלוט, בארעכנט, גרויזאם, קאלט.

אוועק פון מיר! כ'האב נישט געטראכט איין רגע,
אז דו זאלסט זיין פאר מיר פארגרייט — אזויפיל גליק!
ווער בין איך, ווער? — דער שליים וואס בלייבט אויף ברעגעס,
ווען מיט געלעכטער פאלט דאס וואסער אפ צוריק.
א הונט וואלסטו אראפגעלאזט זיך קארמען, —
א לייב בין איך! דיך שרעקט אויף מיינע ציין — דער פלאם;
עס ליגט מיין טויט אין דיינע שלאנקע פארמען,
ווי ס'ליגט א טויטן-קאסטן אין א יעדן שטאם.
באשערט איז מיר, קען זיין, נאך לאנג צו ליידן,
און דו ביסט גליק און אומקום גלייך אין איין מינוט,
איך וויים, די הארבע שטראף וועט מיך נישט מיידן,
ווייל ווי א זייגער שלאגט נאך הויך און היים מיין בלוט.

פאַרוועלקטע בלעטער פאַלן... ס'פאַלן בלעטער,
דער בוים קלערט מיד: „ווען בלייב איך שוין אינגאַנצן הויל."
אַזויפיל גאָלד אין יוגנט־צייט אין שפּעטער,
אַזויפיל פּיין אין מיר און וועלפישער געהויל.

# און איר פון מיר וועט נאָכדערציילן

...און איר פון מיר וועט נאָכדערציילן:
„ער האָט צעווישן אונדז געלעבט,
ווי ס׳בלייכט דער טאָג אריין אין היילן,
אויף זיינע ליפּן האָט געשוועבט
די שטוינונג פון אַ קינד אַ שטומען —
און אַ פאַרלוירענעם פּאָעט;
און זיין געלעכטער פלעגט דערברומען
וואָס ס׳האָט זיין צאָרן נישט דערעדט.
געשטאַמלט האָט ער שטיל אַ תּפילה,
ווען עמיץ האָט זיין היים דערמאָנט,
אין זיינע אויגן וואָלט די ווילדע —
זיין היים-טייך — זיך אַליין דערקאָנט.
דער קרייז פון פריינט האָט אים געפּייניקט,
די איינזאַמקייט האָט אים געקוועלט,
ער האָט געזאָגט: דער גרעסטער תּענוג
איז זיין אַ בערגל ליים אין פעלד...
נאָר ער געווען איז אַ געוויטער
אין קאַלט-געשליפענעם געדאַנק.

זיין בלוט האָט אָפּגעזעצט זיך ביטער,
און אין זיין שמייכל אויסגעצאַנקט.
פון אויסדוכטונג האָט ער געליטן
פיל מער ווי פון דער הארבער וואָר, —
אַ טרוים האָט אים ווי גלאָז צעשניטן
אין זיינע אויסגערייפטע יאָר.״

אַזוי וועט איר פון מיר דערציילן.
איך וועל אַרויספינקלען פאַר אייך
פון טרויער מיינעם — ווי פון הייל
עס קומט אַרויס אַ קלאָרער טייך.

# ניי־יאָר 1943

ווי אין דער היים — מיט שניי און פראָסט —
נעמט אויף אין דרום אונדז דער ניי־יאָר;
די גאַסן לויכטן, ווי דורך גלאָז
געפינקלט וואָלט אַ ווייסער פייער.

די רוסינס זענען מילד און פריש,
פאַרשנייטע רויזן... זאַפט פון קאַרשן, —
נאָר ס'זיצן שטאַר ארום דעם טיש
די יונגעלייט פון ווילנע, וואַרשע.

— חברים, הייבט די בעכער אויף,
דעם וויין נישט שוינט — איך בין אייך ערוב:
נישט שטערן שטויסן זיך צונויף —
נאָר גלעזער... ס'ווערט די וועלט נישט חרוב.

מיך שטיקט דער וויין, מיך ווערגט די שרעק —
די האָפענונג אויף היים-צוריקקער!
איך וויל אין ווילדערניש אַוועק,
וואָס גלאָצט איר פריינט?... איך בין נישט שיכור.

אַ יעדער שטיין דערמאָנט אונדז דאָרט
דאָס בלוט וואָס איז שוין אָפּגעוואַשן, —
אַריינגעגלידט אין שטיין איז — מאָרד...
צעבראָכן די גלעזער... טרינקט פון פלאַשן.

דעם לעצטן אָנדענקונג פאַרקויפט
פון ווייב און קינד — און לאָמיר זויפן!
ס'איז יעדער אַ סאַקראַטעס... זויפט
דעם גיפט... נישט פּרווט פון פיין אַנטלויפן.

עס שלאָגט פון כוס אַ רויטער פלאַם,
ער צינדט אין לייב אַ געלן פיבער, —
און מיט אַ פולן בעכער סם
איך שפּאַן דעם ניי־יאָר שוועל אַריבער.

מיט דיין גוף
אויף

מיינע הענט

דעם הייליקן אָנדענק פון מיין פרוי פרומע ליבע קלעפפיש־גראַדע, קראַנקן־שוועסטער אין ווילנער געטאָ, וואָס איז דעם 23סטן סעפטעמבער 1943, ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ, צוזאַמען מיט די לעצטע יידן פון ווילנע — אַוועקגעפירט געוואָרן צום טויט.

# צווייפל

מיין הארץ, איז עס וואָר, איז עס וואָר?
איך וועל פרעגן מיין ברודער פון פוילן.
ווייל איך בין בלויז היימלאָז צוויי יאָר,
און ער איז שוין היימלאָז פיר ווינטערס,
און ווי ס׳איז דער מאָרד נישט פאַרהוילן
די בלוטיקע שפורן געפינט ער.

— מיין האַרץ, עס איז וואָר, עס איז וואָר!
אַזוי זאָגט מיין ברודער פון פוילן.
ס׳ווערן פראַסטיק און סיוו מיינע האָר, —
זיי ליגן צעשאָסן פון קוילן,
און מיין ציטריקע אינד צווישן זיי,
דו מיין אינד, מיין פאַרליטענע, טרייע, —
כ׳וועל פאַרהילכן די וועלט מיט געשריי,
ווי דעם וואַלד — אַ פאַרוווּנדעטע חיה.

מיין האַרץ, זיי נאָר שטיל, זיי נאָר שטיל, —
איך וועל פרעגן אַ חבר אַ צווייטן,

איך בין איצטער אַ חרובע מיל,
איך צעלויף זיך אין ווינט מיט שגעון,
זוי אַ פליגל מען קען מיך אַ דריי טאָן,
און הינט ביי דער נאַכט אין מיר וואָיען.

מיין האַרץ, ס׳איז אַ ליגן, זי לעבט! —
אַזוי זאָגט דער אַנדערער חבר,
כאָטש זיין גוף און געביין איז געוועבט
ווי אַ האַרבסטיקער בלאַט — גאַלד און זשאַווער...
די בענקשאַפט האָט אים אויסגעדאַרט.
די הויט איז אויף אים אויסגעטריקנט,
דאָך זאָגט ער, זי לעבט און זי וואַרט
מיט פאַרעקשנטן פרומען אַנטציקן...

דו געטרויסט נישט, מיין האַרץ, יענעם מאַן:
ער איז קראַנק... וועל איך פרעגן אַ דריטן:
— איז אַ האָפענונג, ברודער, פאַראַן
נאָך עמיצן דאָרט צו געפינען?
צי דער פיינט האָט שוין אַלע פאַרשניטן? —
און איך וועל אָראָפּגיין פון זינען...

מיין האַרץ, ס׳איז מיין ברודער ווי דו
אין צווייפל — ער קען נישט באַשיידן,
עס ווינקען די שטערן אונדז צו,
זיי ווייסן — און קענען נישט ריידן.
איז לייג זיך אַוועק אויפן וועג,
ס׳איז קוקן אין הימל אַ תענוג,

נישט פרעג שוין ביי קיינעם, נישט פרעג,
דו ביסט שוין פון פרעגן פארפייניקט.

נישט שליידער, מיין הארץ זיך... איך וועל
אויפן וועג מיין געביין נישט פארוווארפן,
אויב שטארבן איז נאר אויף א שוועל
פון א שטוב... ס׳גיט א ריס זיך א טיר אויף,
און ווער מיט זיין ענטפער דעם שארפן,
דערהרגעט — באפרייט מיך פון תירוץ.

זאל ער קומען וואס וויים... שארף און הארט
דעם אמת זאל ער אונדז אנטפלעקן!
נאר אויך דער פאריאושטער ווארט
מען זאל אפלייקענען זיינע שרעק;
און יענער וואס שרייט אז ער האפט,
ער וויינט אין דער פינצטער פארצווייפלט, —
דער גורל האט הארב אונדז געשטראפט
מיט דער גרויזאמסטער שטראף... מיטן צווייפל.

דו ווייסט נישט, מיין הארץ, ווער-זשע ווער
ווייסט פארט?... א, די נאכט אזוי גרוים איז — — —
זי אליין ווייסט דאך יא... „קום אהער!" —
איך רוף זי אזוי ווי א בלינדער, —
איך רוף זי אזוי ווי א גוסס,
וואס רופט פארן טויט זיינע קינדער.

און זי פאלגט מיך, מיין ווייב — און זי קומט!
און זעצט זיך אוועק מיר אנטקעגן,

זי שמייכלט פאַרוויייטיקט און שטומט,
אַזאַ שמייכל נישט איבערצופרעגן, —
אירע הענט זינקען שווער ווי געצווייג,
וואָס אַ מענטש איז אויף זיי אויפגעהאַנגען:
„— אַ, ענטפער מיר דו!...״ נאָר זי שווייגט
ווי אַ זייגער וואָס איז אויסגעגאַנגען.

# מיט דיין גוף אויף מיינע הענט

פאַרשאָלטן בין איך
זינט איך האָב דיך פאַרלאָזן, —
אויפֿן אַקסל די שיך
כ׳האָב אין וועג זיך געלאָזן.
ס׳יאָגט אַ קללה מיר נאָך,
כ׳קען קיין רו נישט געפֿינען,
נאָר איין טרייסט האָב איך דאָך —
דאָס דערהאַלט מיך ביים זינען:
אויב דערלעבן וועל איך
ביז דעם סוף פֿון די שטרייטן,
וועל איך קומען אַן שיך
אין מיין לאַנד דעם באַפֿרייטן.
צווישן אונדז וועט נישט זיין
מער דער מיילן־מהלך,
און אין שנייאיקן שיין,
מיין דערמאָרדעטער מלאך,
בייג איך דעמאָלט זיך אַן,
און קוש אויס דיינע ברעמען,

ס'איז דיין קאָפּ רויטער מאָן — — — —
אויף די הענט וועל איך נעמען
דיין פאַרפרוירענעם גוף —
אַ מירמלנער קאַלטער —
און איך הייב אים אַרויף
אין דער שיין, דער צעשטראַלטער.
איך וועל שטיין אין דער ברייט
אויפן קרייץ פון די וועגן,
און ביי יעדן וואָס גייט
און וואָס פאָרט — וועל איך פרעגן:
— אפשר ווייסט איר פאַרוואָס
איז מיין טויב אומגעקומען?
זעט, איר פּנים איז גלאָז,
זעט, איר שמייכל דעם שטומען.
אפשר ווייסט איר די זינד
פון איר האַרץ, פון איר טראַכטן?
זעט, איר אויג איז דאָך בלינד,
זעט, איר ליפּ דעם פאַרשמאַכטן.
זאָגט, צי קען אויף דער וועלט
פרייד און ליבשאַפט נאָך געבן?
פאַרוואָס גרינט נאָך דאָס פעלד
און די פייגל נאָך שוועבן? —
מיט איר גוף אויף די הענט
דורך דער וועלט וועל איך בלאָנקען,
ווי אַ שטיין-מאָנומענט
וואָלט דער טויט מיר געשאָנקען,
און איך זוך אַן אָרט ווו
אים צו שטעלן, מיין מלאך,

און אַז טרייסט און אַז רו
מיט דער שטיין-משא פֿאַל איך...

אָבער אויב — ווי און ווינד —
איך וועל צווישן די טויטע
נישט געפֿינען מיין קינד, —
און דאָס לייב דאָס פֿאַבלויטע
מיט מיין זאַלציקער טרער
מער נישט קענען באַפֿייכטן,
און דער גוף קיינמאָל מער
וועט פֿאַר מיר שוין נישט לייכטן;
אויב איך וועל אויך דעם שטויב
מער נישט קענען געפֿינען. —
וועל איך זוכן מיין טויב
אין דעם אַש פֿון רואינען,
און ביים טאָזול וואָס שטאַרט
אויף אַ ברודער-בית-עולם,
און דערוואַרימען צאַרט
מיטן הויך פֿון מיין מויל אים.
און צום הימל-בלוי גלייך
וועל איך שטענדיק באַוואַכן
יעדע ווערבע ביים טייך,
יעדן שטיין ביי די שליאַכן.
אויף די קני וועל איך דאַן
ביי אַ יעדע גרוב וויינען,
און אַז דו ביסט פֿאַראַן
אין דער גרוב וועל איך מיינען.
און ווען איך וועל אַוועק

צו אַ קבֿר אַ צווייטן,
וועט דער ערשטער מיט שרעק,
ווי דיין האַרץ — אַ געשריי טאָן.
נאָר פון צווייטן וועט אויך
מיך פאַרווערגן אַ כליפּן,
כ'וועל דערפילן דעם הויך
פון נאָך וואַרעמע ליפּן.
איינגעגראָבן מיין קאָפּ
אינעם זאַמד — וועל איך רופן:
— קום, מיין קינד, טייל זיך אָפּ
פון דעם באַרג טויטע גופן.
ווו ליגסטו דאָ, ווו?
לאָז דאָס אָרט מיך דערקענען,
ווו געפאַלן ביסטו, —
זאָל מיין צער נישט פאַרברענען
פרעמדע קבֿרים... איך וויל
פרעמדן ווייטיק נישט שטערן,
די וואָס גליווערן שטיל
אינעם בלוט־שלאָף דעם שווערן.
קום אַרויס פון דיין גרוב,
היל מיך איין ווי אַ נעפּל,
בלי אַריין אין מיין שטוב
מיט די ביימער פון עפּל...

# פאַרשטיינערט ווי אַ ספינקס

פאַרשטיינערט ווי אַ ספינקס, מיט אַ פאַרקרימטן פּרצוף,
איך ליג אַריינגעוואַקסן אין אַ בערגל ליים, —
נאָר עמיץ רייסט פון קאַלטער גליווערניש מיין האַרץ אויף,
דערוואַרעמט מיך און רעדט צו מיר געהיים:

— אַן האָפענונג — ווי לעבסטו?... וואָס דערוואַרטסטו?
—איך לעב פאַר דער נקמה! — קומען מוז זי דאָך!
— פאַרצווייפלטער, בלויז זיך אַליין נאַרסטו,
און קומט שוין די נקמה — וואָס דערנאָך?...

— ווען איך זאָל לעבן טויזנט יאָר,
וואָלט טויזנט יאָר געוועזן מיין ברוסט — אַ קבר פון מיליאָנען,
און אַ געשריי וואָלט אויפגעריסן מיך קאַיאָר
פון שלאָף — דעם חשבון מאָנען.

און זאָל פאַרשאָלטן ווערן
דער — וואָס וועט מיט דורות שפּעטער,
אַן בלוט, אַן האַס, אַן טרערן,
מיט קאַלטער פּען אויף קאַלטע בלעטער,

וועלן אַ באַרעכטיקונג געפינען
אויף אונדזער טויט — אין אונדזער זינד;
און אין דעם אומקום פון אַ קינד
וועט ער אַרויסזוכן — אַ זינען,
זאָל ער ווי מיר פון ווייטיק ווערן — בלינד...

*  *
*

דאָס האַרץ האָט אָפּגעשטעלט זיך — שטום!
כאָטש ס'דונערן קאַנאָנען,
און ס'קרעכצן גוססע אַרום
אין דעם געשמעלץ פון טאַנקען,
איז גאָרנישט צו דערקאָנען
דאָרטן ביי דעם פלאַנקען,
צי אויפן מיטן פעלד, —
ביים קבר פון מיליאָנען
האָט די וועלט
שטום זיך אָפּגעשטעלט — — — —

אינאיינעם ליגן זיי... נאָר איטלעכער באַזונדער
ווייס נישט דאָך — פאַרוואָס איז ער געשטאָרבן?
נישט געלעבט האָט ער פאַר גרויסע וווּנדער,
און נישט צו זיין אַ קרבן;
געלעבט האָט ער צו אויפשטיין אין דער פרי,
און קוקן ווי די ביימער גרינען,
אַ קינד צו האַלטן אויף די קני,
און ווען ער קומט פאַרנאַכט אַהיים —
אַ בריוו געפינען;
צו אָפּרוען אין שטול און קוקן אויף די בלומען

נאָך אַ טאָג אַ מידן, —
איצט ווייסן זיי, זיי זענען אומגעקומען —
ווייל זיי זענען יידן!

נישט טרייסט זיי קיינעם,
זיי העלפט שוין נישט קיין טרייסט.
אויך זי ליגט שטיל מיט אַלעמען אינאיינעם,
אין לעבן איז זי קלוג געווען און דרייסט, —
פאַרוויגט אין טויט,
איז זי צוריק אַ קינד געוואָרן,
דער הימל בלוטיקט רויט, —
נאָר ווי אַ ווייטע שרפה
איז געשטילט איר צאָרן.

מיין עלנט קינד, איין אויגנבליק
אין אייביקייט איז צווישן מיר און דיר פאַראַנען, —
און נישטאָ איז אַזאַ בריק
דעם תהום צו איבערשפּאַנען.

געפאַלן זענען זיי אין דעמער
מיט פאַרברענטע מיילער, —
אוועקגעגאַנגען איז מיט פולע עמער
בלוט דער קיילער.

זיי זענען קוים צום טויט דערלאָפן,
נישט וועק זיי מיט קיין וויי־געבריל,
זיי זענען אינעם טויט קוים איינגעשלאָפן —
זיי שטיל.

# אידיליע

מלאך מיין, אראָפּגעפאַלענער,
דו מיין מזל-שטערן,
ווער ווייסט אין מיין לעבן שטראַלן, ווער,
ווען איך וועל עלטער ווערן?
אַ, מיין חלום מיין פאַרפלויגענער!
אין אַ קאַלטן חדר,
וועל איך זיצן אַ געבויגענער,
פרירן אין די קליידער,
אין זכרונות אַ פאַרמויערטער, —
און אַן אַלטער זייגער,
וועט זיך שלעפּן אַ פאַרטרויערטער
נאָכן אַלטן שטייגער.
איך וועל בייז, אַן איינגעגעסענער
אין די נייע צייטן,
פּלאָנטערן זיך... אַ פאַרגעסענער
וועל איך זיין פון לייטן.
— ווי דער שטרוי, דער פאַראיאָריקער
— גוט נאָר פאַר דעם פלאַקער

פלאַנטערט זיך אַ שטעכיק־האַריקער
אין דעם פרילינג־אַקער.

איך האָב נאָך געוואָלט אַ טאַטע זיין,
און אַ מאַן אַ גוטער.
היימיש־ליב זאָל אין דער כאַטע זיין,
דו — אַ יונגע מוטער.
ביי דער נאַכט. אין דרויסן רייסט דער ווינט,
צוגעמאַכט דער לאָדן,
און אין וויג דאָס אָנגעשפּייזטע קינד
שלאָפט שוין אויסגעבאָדן.
ביי אַ בוך פאַרחלומט דרימל איך,
ביי דעם לאָמפּ־שיין — שטריקסטו,
אַ טוך אויף דיינע אַקסל בלימלט זיך,
און צום וויגל — בליקסטו.
אויפן טישל זידט אַ טשייניק טיי,
פרומע טאַטע — מאַמע,
ווי מיר וואָלטן אָנטאָן תענוג זיי,
שמייכלען פון די ראַמען:
„איר זאָלט קינדער פרוכטבאַר פלייסן זיך — — — —"
ווינקען די פּאָרטרעטן,
און אין הינטער־שטיבל וויסן זיך
צניעותדיק צוויי בעטן.
אונדזער אומגליק אַ לעגענדע איז,
וואָס איז וויט פאַרשוווּנדן,
און דאָס גליק גאָר אָן אַן ענדע איז,
אויסגעהיילט די וווּנדן.
פון מיין וואָגל איז געבליבן מיר —

פון דעם וועג דעם שווערן —
נאָר מיין ליבשאַפט... טריי צו ליבן דיר
האָט עס מיך געלערנט.
און דיין הארץ, דאָס טיף־באליידיקטע,
קויף איך אוים מיט שלום,
און מיט יאָרן שטילע פריידיקע, —
אָ, מיין גוטער חלום!...

# מיינע קינדער...

אין דעם שאַרך פֿון דאַרע בלעטער,
    הער איך שעפּטשען דיינע ליפּן;
    אין מיין פֿוסטער שטוב ווען סקריפּן
אונטער מיינע טריט די ברעטער,
    הער איך קינדערישן כליפּן.

ווי די פֿייגל איינגעלוליעט
    אין אַ נעסט אין האַרבסט פֿאַרלאָזן,
ווען אין וואַלד דער שטורעם הוליעט,
    ליגן אין דיין לייב פֿאַרטוליעט
    מיינע קינדער — אונטער גראָזן...

ס'האָט דער טויט צעשיידט אונדז ביידן --
    אייער טאַטן, אייער מאַמען,
אייך וועט שוין דער טויט נישט שיידן,
נישט געבוירענע פֿאַר פֿריידן —
    און פֿאַרלוירענע צוזאַמען.

איינגעשטילט די האַרץ־געוואַלדן,
עלנט, שטום, צונויפגעבייגלט,
אינעם זאַמד דעם קאָפּ באַהאַלטן,
הער איך ווי פון פעלדזן־שפּאַלטן
ברומט איר, זינגט איר, מיינע פייגל.

„דו זאָלסט, פאָטער, נישט באַוויינען
אונדזער גורל... זע, מיר שיינען
אויף די שטערן... און די חנען
אין די טראָפּנס־טוי מיר זיינען,
וויין נישט... ווייל די פייגל מיינען,
אַז דאָס קלאָגן מיר און טענהן.

„אָט אַזוי נאָך נישט דערשאָפּן,
אין דער מוטער־טראַכט פאַרזונקען,
ווי אַ שיף וואָס גייט מיט שקלאָפּן,
האָט אונדז שוין דער ברעג געוווּנקען,
און נישט ווייט שוין פונעם האָפּן —
האָט זיך אונדזער שיף דערטרונקען...

„פאַר דער מאַמען אויסגעשפּונען
האָבן מיר אַ קלייד פון רעגן;
וו זי האָט דעם טויט געפונען —
זאָלסטו, פאָטער, אונדז נישט פרעגן,
אַך, די ערד איז אונדז אַנטרונען,
און מיר קענען נישט די וועגן...

„ס׳קומט די נאַכט אַ טרוים אונדז שפּינען,
און דער הימל מיט דערבאַרעם,
בייגט זיך אָן אויף אונדז באַגינען,
מיט זיין ברוסט באַדעקט אונדז וואַרעם;
ווער עס וויל אַ טרייסט געפינען —
אונדזער אָנדענק טרייסט אין צער אים...

# נאכט

א.

ביינאכט קומט צו מיר מיין שווארצלאָקיקע ווייב,
און לייגט אויסגעטאָן נעבן מיר זיך אַנידער,
פון בלויען געשליפענעם אייז איז איר לייב,
זי פלעכט מיך אַרום מיט די אָרעמס די בלאַנקע,
ווי ליליעס שוין איבערגעצייטיקטע קראַנקע,
און טוליעט צו מיר אירע פראָסטיקע גלידער.

פון די בריסט שאַרט זי אָפּ אירע זיידענע האָר,
און וואַרט אַז איך זאָל ווי אַ שטורעם זי נעמען, —
ווייל זי איז מיין ווייב שוין דאָס זיבעטע יאָר,
מיין קינד האָט אין איר שוין געזאָפּטיקט פאַרבאָרגן,
נאָר איך האָב אים פאַר זיין געבורט נאָך דערוואָרגן —
האָט איר לייב אויפגעהערט זיך פאַר מיר שוין צו שעמען.

און איך האָב געלאָזן זי צוויי יאָר אַליין.
ווי וויינטרויבן האָבן געררייפט אירע קרעפטן,

נאַר זי האָט פאַרביסן די תאוהקע ציין,
פאַרוויקלט אין ליילעך געפליקט פון זיך שטיקער,
און דאָך אָפגעוואַרט האָט זי ריין מיין צוריקקער,
איך זאָל קומען אַהיים און מיט איר זיך באַהעפטן.

און ווייל נישט געקומען בין איך — האָט זי דרייסט
געלאָזט זיך דורך טויזנטער מייל — און געקומען
און יענער וואָס ווייס וואָס פאַרלאָזנקייט הייסט,
וועט וויסן מיט וואָס פאַר אַ צער אין די אויגן,
האָט צו מיינע ליפּן מיין ווייב זיך געצויגן,
און מיר אויסגעזויגן די פייכקייט פון גומען.

ב.

זי איז פלאַם, זי איז אייז, און זי שווידערט, זי ברענט,
און עס צערטלען און ווערגן מיך ווילד אירע הענט.

„— מיין מאַן, טרינק מיך אויס, ווי די זון אין באַגין
דעם טומאַן... זויג מיך אויס, ווייל אַ נעפּל איך בין.

קוש מיך אויס, זויג מיך אויס, און מיין בלוט וואַרעם אָן,
טו זיך אויס פון דיין הויט, ווי איך האָב אָפּגעטאָן

פון מיין פּנים די שאַנד און צעריסן די פּענט,
וואָס פאַרשמידט האָבן פרום מיינע פיס, מיינע הענט.

נישט איינמאָל האָסטו מיך פאַרשעמט און פאַרלאָזט,
מיין לייב האָט געפלאַצט, ווי אין פראָסט פלאַצט — אַ גלאָז.

און זינט דו ביסט פּלוצלינג אַוועק פון דער היים,
האָט די הויט אויף מיין קערפּער געטריקנט ווי ליים,

נאָך שטאַרקער פון טויט איז צו פילן דעם וויי —
ווען דאָס בלוט ווערט אין גוף אויסגעפראָרן, ווערט שניי...״

ס׳שלאָגט פון איר אַזאַ היץ, ס׳שלאָגט פון איר אַזאַ קעלט,
ווי דער פלאַם פון באַשאַף און דער פראָסט פון סוף־וועלט,

וואָלטןביידע באַגעגנט זיך איצט אין איר גוף,
און איר גוף ווי אין פרילינג דאָס וואַסער — ברעכט אויף.

אויף מיין קערפּער די האָר ווערן שטעכיק פון לוסט,
מיינע הענט לויפן אום אויף איר האַלדז, אויף איר ברוסט,

און עס מישט מיט מיין גאַווער איר אָטעם זיך אויס, —
נאָר מיך שרעקט ווי אַ גרוב אירע היפטן, איר שויס...

ס׳איז איר רוקן אַזוי ווי אַ בויגן געשפּאַנט,
ווי אַ שלאַנג אויף אַ צווייג — הענגט איר לייב אויף מיין האַנט,

פּלוצלינג קייקלט מיין גוף פון איר גוף זיך אַוועק,
אין דער פינצטערניש לויכט אויף איר האַרצן — אַ פלעק,

אַזאַ זוניקער קרייז אויף איר זיידענער הויט,
אַ בלוטיקער קרייז... „זי איז טויט! זי איז טויט!...״

# אויף די שניי־בערג

א.

זאָגט מיין ווייב מיר מיט אַ שמייכל,
שמייכלט זים צו מיר דורך טרערן,
„— איך בין אַלט, מיין מאַן, דיר מוחל,
לאָמירביידע יינגער ווערן;
דאָס געווען איז ערשט נאָך נעכטן, —
כאָטש אַוועק איז אַ יאָר זיבן, —
דו האָסט מיך פאַר מיינע פלעכטן
פון צען מיידלעך אויסגעקליבן.
זע אינדרויסן — בלויער נעפּל,
און עס קלינגען זילבער־פראָסטן, —
מיינע באַקן זענען עפּל,
לאָז מיין יוגנט נישט פאַראָסטן.
לאָמיר לאַכן, לאָמיר שטיפן,
אינעם שניי־טאָג אין צעשטראַלטן,
אין אַ באַרג־שפּאַלט אין אַ טיפן,
וועל איך זיך פון דיר באַהאַלטן.

פריש פון פראָסט. און ווילד פון תענוג,
וועסט מיך זוכן, ווי אין שנייען
ברוסניצעס, וואָס הארב און ווייניק
אין די ציינער שארף פארגייען.
אינעם שניי ווי איבער פלושן,
וועלן מיר זיךביידע קייקלען,
דו וועסט מיר די אויגן קושן,
מיט די פויסטן וועל איך פייקלען
דיר אין ברוסט, און לאכן לוסטיק —
און מיט אייז אויף דיינע ברעמען,
דו — אַ בער — וועסט ברומען ברוסטיק,
אין די אָרעמס מיך פארקלעמען,
לאָמיר הילכן, לאָמיר זינגען,
מיט צונויפגעשמידטע הענט,
גלייך ווי יונגע פערד, וואָס שפרינגען
אויף אַ פּאַשע־פּעלד — געפּענט."

אין דער פינצטערניש פארטייעט,
הערט נישט אויף מיין הארץ צו קלאָגן,
„— בשורות פון הריגות נייע
ברענגט מיר יעדער טאָג צו טראָגן,
און ביינאַכט איך ליג פארצאַפּלט,
שטום פארגלאָצט צום קאַלטן הימל,
מיט פארגאָסענע שווארצאַפּל, —
ווי אין גראָז, אין קויט, אין שימל,
פיש מיט טויטע אויגן ליגן
אויפן אָפּגרונט פון די ימען, —

נעמט דער אויבערפלאַך זיך וויגן,
וויגן זיי זיך מיט צוזאַמען;
גיפט מיין בלוט איז — און פאַרגיפטן
וועל איך דיינע צערטלערייען,
אין דיין לאַכן דעם פאַרשטיפטן,
כ'הער דיך, קינד מיינס, ביטער שרייען, —
ווייל דיין יונג פאַרשניטן לעבן,
וויל זיך אַלץ נישט אונטערגעבן..."

צאַפּלט זי, מיין ווייב, און שווידערט,
ווי אַ פייגל-נעסט זי פלוידערט,
און זי פינקלט פריש, ווי קוואַלן
פונעם אייז אַרויסגעבראַכן,
קנוילט זיך ווי פון פרייד אַ הונט,
וואָס האָט זיך אַ פּוס פאַרשטאַכן,
און פאַרהיילט האָט זיך זיין ווונד — — —
און זי שושקעט מיר אין אויער:
— לאָז מיין יוגנט מיך דערמאָנען,
לאָז פאַרגעסן מיך מיין טרויער, —
קיינער וועט דאָך נישט דערקאָנען
אויף מיין ברוסט די ווונד...

זי ציט מיר,
אָטעמט אויס אויף מיר איר פיבער,
און מיט קושן זי פאַרשיט מיר,
ביז איר פרייד צו מיר גייט איבער.

ב.

אויף די שניי־בערג — בלויע שאָטנס,
שאָטנס צוויי געקלאַמערט שטייגן,
זע, זיי האָבן שוין באַטראָטן
יענע הויך, וווּ שטערן שווייגן
זיי אין הארצן, ווי אין וואַסער
שווייגן הארבסטיקע פאַרנאַכטן ,
טרויעריקער נאָך און בלאַסער —
אינעם שפיגל אין פאַרמאַכטן.
פונעם קבר אויפגעשטאַנען,
פון דער וועלט אַן אָפּגעוווינטע,
מיט אַ שמייכל נישט פון דאַנען,
קוקט זי אום זיך אַ דערשטוינטע,
ווי די בלייכע שטערן לויכטן,
ווי דער טייך פאַרפרירט אין טאָל דאָרט,
אין דעם אייז־טוי אין פאַרהויכטן;
ווי דאָס בריקל פון אַמאָל דאָרט,
וווּ זיי האָבן זיך געטראָפן,
שטייט נאָך... אויך די ביימער שטייען,
וווּ זי איז פון אים אַנטלאָפן
אין דער טיף פון די אַלייען, —
אַלץ איז אַלט באַקאַנט — און ניי איר,
ברייט די אויגן זי צעעפנט,
ווי אַ בלינדער ביי אַ פייער,
וואָס דעם פאַרב פון פלאַם וויל טרעפן...
נאָר זי ווייס נישט, אַז די אויגן

אירע זענען בלינד געוואָרן,
און זי זעט די וועלט פאַרצויגן
דורך דעם שיין פון קינדער־יאָרן...
דער, וואָס וואַקלט איר דאַנעבן,
וויים עס: אָבער ער מוז שטומען.
אָך, ער וויים, אַז זי צו לעבן
בלויז איין נאַכט איז אויפגעקומען;
אין זיין טרוים אַרויסגעפּייניקט
האָט ער זי פון קאַלטן קבר, —
ווער פאַרשטייט זיין פיבער־תענוג?
ווער פאַרשטייט זיין טיפן ווײ, ווער?
כאָטש זי לעבט בלויז אין זיין חלום,
איז זי דאָך זיין גוטע געטין.
און זי האָט שוין וויפל מאָל אים
קוים ביים גורל אָפּגעבעטן — — —
הערט, זי זינגט אין שיין אין בלייכן
פון די שטערן... און פרימאָרגן,
ווען זי וועט די הויך דערגרייכן,
וועט זי זיך אין בלוי פאַרבאָרגן.
גליווערדיק די שניי־בערג האָרכן
איר געזאַנג, וואָס איז לאַנגאַניק
זיי באַקאַנט... די ביימער שאָרכן
אין דער נאַכט, וואָס טריפט לבניק...
אַז זיי זענען שוין דערגאַנגען
צו די שניי־באַדעקטע שפּיצן,
שטילן איין זיך די געזאַנגען,
און פאַרסודעט ביידע זיצן,

צוגעטוליעט איינס צום צווייטן.
בלאַנקע נאַקעטע צוויי גופים, —
זאָל נישט קיינער קיין געשריי טאָן,
זאָל נישט קיינער טאָן אַ רוף אים, —
זי קאָן גלייך אין בלוי פאַרשווינדן,
ער קאָן שטום אין אָפּגרונט פאַלן,
און עס וועט דער טאָג זיך צינדן
אין זיין בלוט ווי זון אין קוואַלן...

ג.

מויל אין מויל אַריינגעזויגן,
שטערן צוגעדריקט צו שטערן,
אויגן טויכן זיך אין אויגן,
און עס מישן זיך די טרערן.
ער — איר דורשט האָט אָנגעטרונקען,
זי — זיין לוסט האָט אָנגעזעטיקט,
ביידע — שטיל, אין צער פאַרזונקען,
ווי צוויי פייגל וואָס פאַרשפעטיקט
האָבן האַרבסט-צייט אָפּצופליען,
און פאַרפרירן אויף די צווייגן, —
הויך אין פרייד-טעג נישט געשריען,
קענען זיי אין ווייטאָג שווייגן...
אויפן באַרג-הויך וו עס פראָסטיקט
אינעם בלוט דער צפון-שטערן,
ווערט דאָס לייב וואָס האָט געראָסטיקט —
אייז-בלוי, און צעטריפט אין טרערן...

ברעמען ציען זיך צו ברעמען, —
שטיל... די שיף האָט זיי פֿאַרגעסן
פֿונעם אינדזל מיטצונעמען,
ווו זיי זענען מיד געזעסן, —
מער קיין שיף וועט נישט פֿאַרבייגיין,
און פֿאַרוואַרפֿן דאָ זיין אַנקער, —
זיצן זיי אין טיפֿן שווייגן,
איינער פֿונעם צווייטן קראַנקער
אינעם לייב... נאָר אין נשמה —
אַ פֿאַרחלומטקייט אַ זיסע,
ווייט דאָס האַרץ שוין פֿון נקמה,
פֿילן זיי שוין נישט די גסיסה, —
אויפֿן שפּיץ פֿון שניי־באַרג — הויכן
זיי דאָס ליכט אַריין אין איינעם, —
בלויע מירמלנע צוויי רויכן
גייען אויס אין טאָג אין ריינעם...

# לבנהקע פרויען

א.

ווי רוי־ערד אין פרילינג נאָך פּאַרעט מיין לייב,
איך פיבער פון גלוסטונג — כאָטש איך בין אַן אבל;
מיין ברוסט איז אַ גרוב פאַרן גוף פון מיין ווייב,
מיין פּנים אויף מיר איז אַ שטיינערנער טאָוול.

מיין קאַמער מיט שאָטנס געהיימע איז פול,
מיט פרויען פאַרהילט אין לבנהקע קליידער, —
איינע שטייט ביי דער טיר, איינע זיצט אויף אַ שטול,
און איינע האַלב־נאַקעט — אינמיטן פון חדר.

די וואָס שטייט אינדערמיט — שיילט זיך אוים פון איר העמד,
און דאָס העמד ווי אַ ליכט־נעפּל שווימט אום אין צימער —
און ס'צעלאַכט זיך די פרוי אַזוי קאַלט, אַזוי פרעמד,
און פאַלט אויפן ראַנד פון מיין בעט — צו די קני מיר.

די וואָס שטייט ביי דער טיר, קוקט פאַרטרויערט און וואַרט
ווייל — איך פאַר אַ ווייב האָב זי צוגעזאָגט נעמען.

נאָר יענע, וואָס ליבט מיך היים-בלוטיק און צאַרט,
בייגט אַן אויפן שטול זיך, מיך נישט צו פאַרשעמען.

מיט נאַכט אַנגעגאָסענע אויגן זי קוקט,
זי זיצט אויפן שטול ווי צום משפט פאַרשולדיקט, —
און אַ כליפּ טוט מיין האַרץ און מיין ליפּ טוט אַ צוק:
— געוווּסט האָט זי אַלץ און פאַרשוויגן געדולדיק.

## ב.

די וואָס שטייט ביי דער טיר אין האַלב-נאַכטיקן שיין,
ציט אַרויס פון מיין האַרץ אויף אַ שטראַליקן בויגן
די זכרונות פון יוגנט, פון ליבשאַפט און פּיין,
און טאָג ווערט פון אירע צוויי קוואַליקע אויגן.

אַ פּראַסטיקער זאַל, אַ באַלקאָן שנייאיק-שטיל.
אַן אייל-בילד אין שפּינוועבס און בלומען בלייך-קראַנקע, —
און יענע וואָס שאַרן זיך איבערן דיל,
אַזוי ווי דאָס ליכט אויף די אייל-בילדער — צאַנקען.

צוויי עלטערע שוועסטער... זיי וועלקן שוין לאַנג
און פילן ווי ס׳גראָען שוין זייערע שלייפן,
פון זאָרג פאַר דער יינגסטער, וואָס טיף טוט זיי באַנג
צעבלויען זיך אונטער די אויגן זיי — רייפן.

זי איז ליכטיק און שטראַלט ווי אַ קינד — נאָר זי הינקט,
זי שמייכלט ווי זי וואָלט איר ווייטיק פאַרווישן,

נאָר ווען דורך די פענצטער דער אָוונט־בלוי ווינקט,
פאַרברעכט זי די הענט אויף די קאַלטע קלאַווישן.

און ווען עס צעכליפּעט די פּיאַנע זיך הויך,
פאַרשטיקט זי דעם כליפּ מיט צעשטורעמטע פינגער,
זי שווייגט אַ פאַרטרוימטע, און איך חלום אויך,
אינאיינעם איז שווייגן אין האַלב־טונקל גרינגער.

אַ גוטסקייט אַזאַ פון די אויגן איר לויכט,
ווי אַ זקנה וואָס ווייס, זי איז קיינעם נישט נויטיק,
און אַ שמייכל, איר קינדערשן פּנים באַהויכט,
זי טוליעט צו מיר זיך באַגליקט און פאַרוויייטיקט.

די שוועסטער אין זאַל, נישט באַמערקט, שוועבן אום,
נישט צו וועקן קיין צויבער אין שפּיגל אין גרויען,
נישט צו וועקן דאָס אייגענע האַרץ וואָס איז שטום,
און דאָס פּאָרל, וואָס האַלדזט זיך אין אָוונט אין בלויען.

פאַר פרילינג נעמט צוקן דער פאַרהאַנג אַזוי,
ווי ער וואָלט געברענט... ווערט מיר שווער מיט דער קראַנקער,
איך בראָדזשע דורך שניי, ביז איך טרעף אָן אַ פרוי,
וואָס איר גוף פון אַ זילבער־פאַנטאַן איז נאָך שלאַנקער...

די זון אין איר קאָפּ איז אַ גילדענע קאַם, —
נאָר איר פרייד ווי אַ וואַלד־פויגל קען איך נישט פאַנגען,
ווייל ס'ליגט צווישן אונדז ווי אַן אָפענער ים,
אַ געברויז פון אַקאָרדן, אַ ווירבל פון קלאַנגען.

און פאַל איך אַוועק שוין געזעטיקט און מיד,
און ס'גליט אויף מיין לייב פון דעם שטורעם די שפורן,
דערהער איך, פון פראַסטיקן זאַל שווימט אַ ליד —
אין אַוונט־בלוי גוססן שאַפּענס נאַקטורן.

אירע שוועסטער באַוועגן אין שפיגל זיך שטיל,
און זי אַ געבויגענע, טרוימט ביי דער פּיאַנע, —
פאַרוועבט איז איר צער אין די ווענט, אינעם דיל,
זי קוקט אויפן אייל־בילד אין שפינוועבס — און וויאַנעט.

ג.

טוט אַ שפּרונג די וואָס הענגט ווי אַ שלאַנג אויפן ראַנד
פון מיין בעט — און אַ טרייסל די בריסטן;
כאַפּט אַרום מיינע גלידער אַ פראַסטיקער בראַנד,
און אַ האַס צו דער פרוי — ווייל זי טוט עס אומיסטן.

אַ פאַרצאַפּלטער שפּרינג איך אַרונטער פון בעט,
און קלאַמער זי איין אין די הענט ווי אין צוואַנגען,
גליטשט זי פלינק זיך אַרום פונעם קלעם מיט געשפּעט,
ווי אַ כוואַליע, וואָס לאָזט אין די הענט זיך נישט פאַנגען.

זי באַהאַלט זיך אין ווינקל פון צימער, און ווינקט
מיר פאַרפירעריש צו, כ'זאָל צו איר זיך גענענען, —
רוקט פון ווינקל אַרויס זיך דאָס מיידל וואָס הינקט,
און איר קינדיש געזיכט — ביז דערצאַרנט נעמט ברענען.

זי קוקט דורכן פענצטער פון צימער ארויס.
אין לבנהקן דרויסן — אזוי ווי פון תפיסה;
קוקט אום זיך פארצווייפלט אין זינדיקן הויז,
און שרעק איז אין אירע שווארצפאלען, די זיסע.

נאר די נאקעטע פרוי שטייט אין ווינקל נאך אלץ,
און ווי א ציגיינערין ווארפט זי די אקסל, —
א דורשטיקער ביים איך זיך איין אין איר האלדז,
מיר ווערן ווי שטאמען ווי צוויי אויפגעוואקסן.

פארקלעמט אין דער פרוי ווי אין דערנער איך שטיי,
און שטאמל: וואס ווילסטו דו זאלסט מיר געהערן? —
פארשיט איר געלעכטער מיין פנים ווי שניי:
— איך וויל דו זאלסט טריי ווי א שאטן מיר ווערן.

צערייצט כאפ איך אן אירע פלעכטן: „דו שלאנג,
פאר גאט און פאר לייטן מיט חופה און קדושין,
איך נעם פאר א ווייב דיך... איז דאס דיין פארלאנג? —
נאר לאז דיינע גיפטיקע בריסטן מיך קושן."

„כ'בין דיין שאטן זיין גרייט, זיין א הונט בין איך גרייט — — —"
דאן טוט זי א פלי און פון ווינקל צו ווינקל
זי לויפט... כ'יאג זי נאך... ביז איך פאל אום פארדרייט,
דער אטעם פארהאקט, און די אויגן צעפינקלט.

זי לאכט... איר געלעכטער איז ניכטער און קאלט,
זי קוקט אויף די אנדערע בייז, מיט נצחון —

און ווערט אין לבנהקן שיין אויסגעשטראַלט,
אויך די צווייטע פֿאַרשווינדט... בלויז די פֿרוי איינגעבראָכן

אויפֿן שטול, זיצט פֿאַרשטאַרט און דער חתונה־רונג
אויף איר פֿינגער טריפֿט בלוטיק... מיט שטעכיקע גלידער
איך ליג אויפֿן דיל גרייט צום רוצחישן שפּרונג —
אויב די נאַקעטע פֿרוי וועט צוריקקומען ווידער...

די פֿרוי אויפֿן שטול שטומט אין נאַכטיקן שאָל,
ווי זי וואָלט אַן עדות געווען פֿון אַ מאָרד דאָ, —
און דאָס מיידל וואָס הינקט... דאָרט אין פּראָסטיקן זאָל,
פֿאַרהילכט איר געוויין אין געברויז פֿון אַקאָרדן.

# ליכט

אין דער היים ביי איר טאַטן געבענטשט וואָלט זי ליכט —
אין דער היים ביי איר טאַטן דעם פרומען;
געקומען בין איך און האָב זי אומגעריכט
אין אַ וועלט אָן אַ שבת גענומען.

מיין וועלט האָט פון אַלע פיר זייטן געברענט,
איך האָב זי אין פייער געלאָזן;
איצט זע איך זי שוועבן מיט ליכט אין די הענט
נאָכן צוק פון די ווינטן וואָס בלאָזן.

אויפן דיל אין אַ פינצטערער שטוב, אין דער פרעמד,
גייט אַ שיין מיר אַריבער די אויגן,
איך זע ווי זי שוועבט אין לבנהקער העמד
מיט צוויי ליכט אין די הענט אויסגעצויגן.

און ריין איז דאָס פלעמל-שיין — צאַרט ווי דאָס גאָלד
פון דעם ווייץ, ווען אין מזרח נעמט העלן,
זי קוקט זיך אין צימער אַרום, ווי זי וואָלט
געזוכט ווו די שבת-ליכט שטעלן...

נאַר אין שטוב איז נישטאָ נישט קיין טיש, נישט קיין בעט
און נישטאָ איז קיין טרייסט פאַר דעם קראַנקן,
וואָס ליגט אויפן דיל, אַ פאַרקראַמפּטער, און זעט
ווי די ליכט אין די הענט אירע צאַנקען.

די ליכט־שאָטנס ציטערן אוים אויף דער וואַנט,
ס'ווערט פינצטער... אַ פליגל אַ גרינגער
לאָזט מילד זיך אַראָפּ אויף מיין פּנים — איר האַנט...
און ליכט זענען איצט אירע פינגער.

# מיין האַלבנאַכטיקע זון

האַלבע נאַכט שטיי איך אויף און איך קני אויף מיין נאַרע,
אַ נאַקעטער בלאַנקט אין דער פינצטער מיין גוף,
ווי דער הימל וואָס לויכט דורך אַ טונקעלע כמאַרע, —
און איך הייב מיינע אָרעמס פאַרבראָכן אַרויף.

ווי אַ פלוג האָבן קרעכצן מיין לייב דורכגעאַקערט,
ווי מען רייסט פון אַ שטריק אַ געהאַנגענעם אָפּ —
איך צי קוים דעם אָטעם... און זע ווי עס פלאַקערט
אַ צעבלעטערטער פייער אַריבער מיין קאָפּ.

און רויט איז דער פלאַם, ווי די האַק פון דעם תלין, —
נאָר עס שטראַלט פון דעם פלאַם אַזאַ רואיקער בלוי
ווי דאָס וואַסער ביים ברעג אין האַלב-טאָגיקן כוואַליען,
און פון אַפּל-בלוי קוקט דאָס געזיכט פון אַ פרוי.

„דו האַלבנאַכטיקער מלאך מיט ווונדיקע פליגל,
האַלבנאַכטיקע זון אויסגעשטראַלט פון מיין פּיין,

אַ, קרייז מיך אַרום און פאַרכישוף אין עיגול,
די נאַכט זאָל צו מיר נישט אין עיגול אַריין.

פאַרפּאַנצער מיין האַרץ פאַר דער קאַלטער דערשטוינונג,
וואָס דיך נאָר איך זע, דאָס געפּייניקטע קינד,
פאַרגיב, ווען מיין טרויער באַקומט אַ באַלוינונג — — —
פאַרהיט אַז די נאַכט זאָל נישט מאַכן מיך בלינד.

„מיין האַרץ פון פאַראַט און פון לייכטזין באַשירעם,
צו דיר נאָר מיין שמייכל וואָס בלאַנדזשעט געהערט;
פול בענקשאַפט און פיבער איך זינג שיר השירים
צו דיר, מיין האַלבנאַכטיקע זון אויף דער ערד.״

# רויטע רויזן

אין אייביקייט דו זיצסט, מיין טויטע מלכה,
און וואַרטסט, איך זאָל דיר ברענגען פרישע בלומען,
אַ גלעזערנער איז איבער דיר דער באַלקן,
דו קוקסט אַרויס, צי וועל איך היינט נאָך קומען ...

פאַרצויבערט טראָגט אַ שיף דיין בלויען קאַסטן,
עס וויגן אונטער דיר זיך וואַסער־הימלען,
און איבער דיר די וואָגלענדיקע מאַסטן,
ווי פאַלמען אויף אַ גרינעם אינדזל — דרימלען.

אַ פויגל פון דער מחנה הינטערשטעליק,
באַזעצט זיך אויף דיין מאַסטבוים נאָך אַ שטורעם,
און ער צעזינגט זיך באַנג אַזוי און טרעליק
פון בענקשאַפט און פאַרשוויגענע יסורים.

צום פויגל שטרעקסטו אויס די האַנט פון גליווער;
האָט ער פאַר דיר אַ גרינעם בלאַט פון לעבן? —
פון אַנריר דיינעם ווערט דער פויגל סיווער,
דו זעסט, ער נעמט אין בלוי־געוועלב פאַרשוועבן.

און ווייטער וואָגלסטו אויף אָקעאַנען.
אין אייביקייט... פון מיר שוין אויך פאַרגעסן, —
און נאָך די בלומען־בלעטער וואָס פאַרוויאַנען
דו ציילסט די אָפּגעלאָפּענע מעת־לעתן...

נאָר ווען נישט ווען קומט אַן דיין שיף אין וואַנדער
אין האַלבנאַכט אויף אַ כמאַרע צו מיין וווינונג,
דאַן עפנסטו מיין פענצטער ברייט פונאַנדער,
און ווייזסט זיך מיר אין שטראַליקער באַקרוינונג.

„געליבטער מיינער, ברענג מיר רויזן רויטע,
כ'זאָל וויסן, אַז עס וועלקט נאָך נישט דיין ליבע,
און ווייל דו ווייסט מיין אָרט נישט צווישן טויטע,
צעוואַרף זיי אויף די וואַסערן די טריבע..."

„פאַרוויאַנעט זענען מיינע רויטע רויזן,
אָט זע..." און מיך פאַרשיטן בלעטער דאַרע,
איך עפן אויף די אויגן — ווינטן ברויזן,
אין אויפגעפּראַלטן פענצטער בליצט אַ כמאַרע...

# האָסט פֿאַרשווירן זיך

האָסט פֿאַרשווירן זיך מיך צו דערוואַרטן,
מיר צו קומען אין וועג — אומגעריכט;
ווען דער אָטעם פֿון פֿרילינג, פֿון צאַרטן,
טוט אַ צערטל בסוד מיין געזיכט,
און ס׳צעגליט זיך מיין פּנים דער בלאַסער,
אַזוי ווי ביים אָנברוך פֿון טאָג
צעגליט זיך אַ בלייענער וואַסער, —
ביז אין קאָפּ טוט אַ כוואַליע אַ שלאָג,
און ס׳אַנטלויפֿן די נאַכטיקע טרוימען
די קראַנקע — פֿון כוואַליקן שטוים,
ווי בושלען פֿון חרובן קוימען
ווען אַ פֿייער צעלייגט מען אין הויז — — —
מיט הונדערט אָטעמס איך פֿיבער,
איך יאָג די פֿאַרלוירענע צייט —
און יאָג אַלע מענטשן אַריבער,
פֿאַראויס ווארפֿט דאָס האַרץ זיך און שרייט.
פֿון אומגעדולד ברענען די קליידער
אויף מיר — און איך שפּרינג איבער קעפּ;
מיך דערוואַרט אין אַ טונקעלן חדר
אַ מיידל מיט ליכטיקע צעפּ.

איך שטורעם די טרעפּ אַרויף מונטער.
מיטאַמאָל טוט מיין קני זיך אַ בראָך,
אַ דערשראָקענער קוק איך אַרונטער —
געהיים גייט מיר עמיצער נאָך...
די שרעק יאָגט אַרויף צו מיר — העכער,
עס ברעכט זיך שוין אויך דער פּאַרענטש,
ווי אַ בראַנד־לייטער ביז צו די דעכער,
ווען עס וויגט אויף זיין שפּיץ זיך אַ מענטש, — — — —
דו וואַקסט אויס אַנטקעגן פון ווינקל —
דו האָסט דעם אַריינגאַנג פאַרשטעלט,
ס'טוט אין טונקל דיין בלייכקייט אַ פינקל,
ווי ביינאַכט אַ בעריאָזע אין פעלד.
און פאַרטרויערט ביסטו, ווי פאַרטריבן
מען וואָלט דיך פון אייגענער הויז
קוקסטו נאָך, אין אַ ווינקל פאַרקליבן,
ווער גייט דאָ אַריין און אַרויס...
לאָזסט פאַרמשפּט אַרונטער די ברעמען,
און גייסט נישט באַמערקט מיר פאַרביי,
ווי דו וואָלסט געוואָלט נישט פאַרשעמען
דיין מאַן וואָס איז מער נישט דיר טריי.
און דו לאָזסט זיך אַראָפּ פון די שטיגן,
ווי דו וואָלסט אין קבר אַראָפּ, —
דאָס גאַנצע געביי נעמט זיך וויגן,
איך רייס אויף די טיר מיטן קאָפּ,
און איך וואַקל אַריין אין דער וווינונג,
ווו ליבשאַפט און זאָרג מיך דערוואַרט...
דאָס מיידל פול שרעק און דערשטוינונג
פון מיין אויסזען — שרייט אויף... און פאַרשטאַרט.

# די לאַסט אויף מיינע אַקסל

די ברעמען דיינע פליגלען זיך פונאַנדער
אַריבער דיינע אויפגעשטראַלטע אויגן,
און ציטערן ווי פייגל אויפן וואַנדער,
וואָס פלאַטערן אין קרייז פון רעגנבויגן.

כ'הייב אויף דיין קאָפּ, קוש אויס דיר די שוואַרצאַפּלען,
וואָס גרינען ווי צוויי אַזוּרעם אין איער;
פון שטילן אַנריר מיינעם נעמסטו צאַפּלען,
און ס'איז דיין הויט — אַ ווייס־צעגליטער פייער.

דו אָטעמסט טיף... דיין אָטעם מאַכט מיך שיכור,
און זיס איז מיר דיין צערטל ביז צום שטאַרבן;
כ'ווער ווידער יונג, דו ביסט מיין היים־צוריקקער, —
דו גלעטסט אויס אויף מיין פּנים אַלע קאַרבן.

איך קני פאַר דיר אין טרויער אין פאַרטיפטן:
— אַ, זיי דער רינג וואָס שליסט מיין קרייז צוזאַמען, —
נאָר ס'ווירבלט היים דיין קלייד אַרום די היפטן,
און ס'שיסן דיינע פיס אַרויס ווי פלאַמען.

באַמערקסטו נישט בײַ דײַנע פּיס מײַן משאַ,
וואָס איך מיט זיך טראָג שטענדיק?... טויטע גופֿן!
דו זעסט נישט ווי עס ווערט מײַן פּנים בלאַסער,
ווען איך דערהער זיי אין געהיים מיך רופֿן.

איך לאָז אַמאָל די טויטע לאַסט אינדרויסן,
און שפּרינג אַריבער ווי דעם ברעג אַ כוואַליע,
דאַן נעמען זיך נאָך מיר די גופֿן שטויסן,
און קריכן דורך די פֿענצטער אַלע, אַלע.

דו שטעלסט זיך אויף פֿון לוסט שוין אויסגעפּיבערט,
און איך דערזע — ווי הויך דו ביסט געוואַקסן!
נאָר ס'שרעקן דיך די אורחים פֿון די גריבער —
גיי איך אַוועק די לאַסט אויף מײַנע אַקסל.

ווײַל נאָכן טויט די שטאַרקסטע עלנט זײַנען,
און קלאַמערן זיך — איך זאָל זיי געדענקען,
איז דער וואָס גיט אַ היים די גלידער מײַנע,
מוז אויך מײַן טויטע לאַסט אַ ווינקל שענקען...

# גאַרדינען

עס שפּילן אויפן פענצטער די גאַרדינען,
און ווי אַ זילבער־שפּיגל שאָטענען זיי אָפּ
דעם בלעטער־בוים אין אומרואיקן גרינען,
וואָס רוקט אין שויב אַריין זיין פרילינגדיקן קאָפּ.

ס׳איז האַלבער טאָג אין צימער, שטיל און זוניק, —
אויף אירע ווייעס לויכטן, ווי געוועבט פון שיין,
אַ שמייכל שפּילט אויף זיי און ציטערט סטרוניק, —
דער שמייכל שטראַלט אויף מיר, און וויגט מיך, וויגט מיך איין.

און אירע בלאַנקע אָרעמס, פול מיט פלאַטער
וואָס שיסן פון איר לייב, ווי פליגל שלאַנק אַרויס —
איצט ליגן פונעם שטורעם אויסגעמאַטערט,
און דרימלען אויף מיין מידן קאָפּ ביי איר אין שויס.

אַ זיסע רו מיין פּנים נעמט פאַרשפּינען —
איך עפן אויף די אויגן — און מיין האַרץ פאַרפרירט:
עס שאַרכן אויפן פענצטער די גאַרדינען,
ווי ס׳וואָלטן זיי די פינגער פון אַ פרוי באַרירט...

אין האַלב-טאָג גליווער די גאַרדינען שאָרכן,
ווי ס׳וואָלט אין דעם געוועב פֿון ליכט און בלעטער-גרין
פֿאַרוואָרגן זיך אַן אָטעם... און עס האָרכן
דער דיל, די ווענט צום קאַלטן שוידער פֿון גאַרדין.

אַ רגע — און ס׳גייט אויס דער שטומער צאַפּל,
שוין ווידער שפּילט אויף ווענט פֿון צימער — שאָטן-שיין,
נאָר פֿון גאַרדין פֿאַרוועבטע צוויי שוואַרצאַפּל,
ווי דורך אַ שלייער — קוקן אין מיין שטוב אַריין...

# די דריטע

מיר זיצן זאַלבעצווייט און האַלדזן זיך,
און נישט באַמערקט גייט אום אַ דריטע,
פאַרשנייט, דאָס קלייד צעריסן, און אַן שיך —
פון מיין ווייטיק אַן ארויסגעגליטע.

די פרוי, וואָס קושט און האַלדזט מיך — זעט זי ניט,
זי זעט אין צימער נישט די דריטע,
אַ שטומער טרויער ווייט פון מיין געמיט,
ווי דער טויט פון אַ פאַרמאַכטער מיטה.

און ווען דאָס בלוט אין מיר צינדט ווילד זיך אָן,
די פרוי אין מיינע אָרעמס אַ פאַרשמידטע
גליט... איז ווייס איך נישט וואָס ווייטער טאָן —
צעווישן אונדז זיך גליטשט אַדורך די דריטע.

און אַנמאַכטיק איך לאָז די הענט אַראָפּ, —
די פרוי וואַכט אויף פון לוסט אַ דורכגעגליטע,
און טרייסלט אָפּ באַליידיקט-שטאָלץ איר קאָפּ —
אין ווינקל פרירט אַ נאַקעטע די דריטע.

נאָר מיין געהיימעניש ציט צו די פרוי:
„— איך גלוסט צו דיר, מיין בלוט ווי ווײַן פאַרהיטע
יערט אין מיר... וואָס מאַכט דיך קראַנק אַזוי?״ —
איך שווייג... און מיט אַ שמייכל האַרכט די דריטע.

מיין בליק איז צוגעשמידט אין ווינקל שטוב,
וווּ יענע שטייט מיט שניי אַן אָפּגעשיטע.
ווייל ווייט איז פון מיין צימער ביז איר גרוב,
און באַרוועס־הויל איז דורך דעם וועג די דריטע.

און מיטאַמאָל די פרוי — זי שוידערט אויף,
זי האָט דערזען דעם חלף פון דער שחיטה
אויף אַ צונויפגעקראַמפּטן בלאַנקן גוף —
די פרוי די פרעמדע האָט דערזען די דריטע...

# זי קומט נישט...

אין האַרבסטיקע נעכט ווען אינדרויסן דער ווינט
זיין קאָפּ אָן אַ בוים אַ צעשויבערטן — שמעטערט,
און זוכט אַ באַהעלטעניש נאַקעט און בלינד
פון נעץ דורכגעשוידערט — צעווישן די בלעטער;
אַ רעגן אַ קרומער אַ שניידיקער פאַלט,
און פויקט אויף מיין דאַך — און עס טריפט יעדער טראָפּן
אַראָפּ אויף מיין קאָפּ אַזוי שטעכיק און קאַלט,
און ס'דריקט מיינע שלייפן דער טויט מיר צוקאָפּן —
דאַן רוף איך צו דיר... מיר דיין פּנים באַוויז,
פאַרגאָסן מיין האַרץ האָבן פראָסטיקע שטראָמען,
גיי אויף איבער מיר אין אַ ליכטיקן קרייז,
איך האַלט זיך אָן דיר — איבער פינצטערע תהומען.
דיין אָרעם שטרעק אויס און דערפיר מיך צום ראַנד,
מיין עלנט וואָס בלאָנדזשעט און קלאָגט און פאַרשטומט נישט,
וועט איינשטילן זיך ביי דעם ריר פון דיין האַנט — — —
איך בעט און איך וויין... נאָר זי קומט נישט, זי קומט נישט.

אויב דו האָסט, מיין איינציקע, ליב מיך אַזוי,
אַז אויך מיין געדעכעניש האָסטו פאַרשוואַרץ,
געזען דיינע טרערן האָב איך אינעם טוי,
וואָס האָט אויף מיין פענצטער געבליט אין קאַיאָרן;
געזען ווי דיין אַקסל טוט נאַקעט אַ בלאַנק,
ווען כ׳עפן די אויגן — און דו מוזט אַנטרינען,
אויב דו האָסט פאַרכישופט אַזוי מיין געדאַנק,
אַז אומעטום מוז איך דיין אַנדייט געפינען, —
דיין צערטל נאָך ליגט אויפן טיש, אויף די בענק,
און וואָס איך ריר אָן — ריר איך אָן דיינע ווונדן —
איז קום צו מיר איצט, ווען איך רוף דיך און בענק, —
אַפילו דער שטורעם-ווינט האָט אָפּגעשונדן
די בלעטער פון בוים און פאַרקראָכן אין זיי, —
און בלויז אין מיין האַרצן דער יאָמער — פאַרשטומט נישט;
פאַרזינקען וויל איך אין דיין שוים, אין דיין ווײ — — —
איך בעט און איך וויין — נאָר זי קומט נישט, זי קומט נישט.

נאָך איינמאָל אין פרילינג האָב איך זיך צעבליט,
קען זיין, שוין צום לעצטן אין רינג פון די יאָרן, —
ווי ס׳פאַלט אין אַ מאַי־טאָג אַ שניי אויפן צוויט,
האָסטו פון דיין קבר מיין לוסט אויסגעפראָרן.
„— אויף אייביק, אויף אייביק פאַרבלייבן דיין מאַן,
און ווערן מיין קאָפּ פון דיין אָטעם זאָל סיווער,
ווי ס׳ווערט אינעם ווינטער פון אייז־אָקעאַן

א שיף אויף איר וואַנדער — פאַרשמידט און פאַרגליווערט. —"
אַזוי האָט באַפוילן דיין בליק — בין איך גרייט!
באַווייז זיך פאַר מיר אין דער חשכות פון אַסיען,
און זיי מיין לבנה וואָס גלעט שטילערהייט
דעם נאַקעט פון פעלדער, וואָס בלייבט נאָכן קאָסיען,
און מיר וועלן לעבן אין חלום פון צייט,
אין גילדערנעם האַרבסט וווּ קיין שטורעם־ווינט ברומט נישט,
און זיין וועט די בלוטיקע וואָר אַזוי ווייט — — —
איך שריי אין די נעכט — נאָר זי קומט נישט, זי קומט נישט.

# וואָלט איך צוליב דיר בלויז געליטן

וואָלט איך צוליב דיר בלויז באַשטענדיק געליטן,
פאַרגליווערט וואָלט מיך דער אַנברעגיקער טרויער,
דער אומרו פון פרילינג — ער וואָלט מיך געמיטן,
געוועזן וואָלט מיין לעבן אַ שפּיגל אַ גרויער,
וואָס שטייט אין אַ זאַל אַ פאַראַבלטן, קאַלטן,
און שפּיגלט אָפּ צוויי אויסגעלאָשענע לייכטער,
פאַרהויכט איז דאָס גלאָז ווי אין אים וואָלט באַהאַלטן
געלעבט נאָך דער טויטער — זיין אָטעם דער פייכטער...

נאָר דאָ אין מיין האַרץ איז אַן אָרט וואָס איז ליידיק,
דער אָרט נישט געהערט האָט צו דיר — ביי מיין לעבן.
ביסטו דאָרט אויך איצטער צו וווינען באַליידיקט,
און בעסער דו ווילסט אַ פאַרגעסענע שוועבן — — —
אַמאָל אָבער קומסטו צום אָרט צו דעם פוסטן,
און קוקסט דאָרט אַריין ווי אין הויז פון אַ מערדער,
דאַן הערסטו דאָרט יאָמערן שטום מיינע גלוסטן —
מיין לוסט וואָס האָט אויך נישט ביים לעבן געהערט דיר...
דו זעסט ווי געשלאָגן איך בעטל ביי שוועלן,

איך בעטל, אַ צווייטע דיין אָרט זאָל פאַרנעמען,
נאָר יענע דערשראָקן האָט זיך פאַר מיין עלנט,
און איך אין מיין ווייַ מוז פאַר דיר זיך נאָך שעמען — — — —
וואָלסטו בלויז געווען פון מיין טרויער די סיבה,
וואָלסטו מיר געמוזט פאַר מיין טריישאַפט באַלוינען, —
נאָר דאָרט אין מיין האַרץ ווו געפעלט האָט נאָך ליבע
צו דיר... דאָרטן קענסטו אויך איצטער נישט וווינען.

# ווען דו האָסט נאָך געלעבט

איך האָב דיך באַוויינט — ווען דו האָסט נאָך אין געטאָ געלעבט,
איז העד איך איצט קלאַפּן דיין האַרץ אין דער גוססער שקיעה;
און וויפל עס האָט נישט מיין בליק זיך אין טאָג-שיין פאַרוועבט,
דער הימל אויף מיר איז — אַ בלינדע פאַרקאַשערטע וויע.

געטראָגן האָסטו מיין געוויין און מיין אָטעם אין זיך,
מיט שווידער האָסטו דעם באַריר פון אַ מאַנסביל געמיטן, —
דו האָסט נישט געגלויבט, אַז געפאַלן אין וואַנדער בין איך,
דאָך האָסטו געשוווירן, דיין לייב ווי מיין קבר צו היטן...

ווען מיר האָט אַ גיפט-זיסער שמייכל דאָס האַרץ אָפּגעסמט,
ביסטו נאָך מיט אָפענע אויגן אין טויט-שרעק געלעגן, —
דעריבער רינט אויס איצט מיין וווּנדיקע ליבשאַפט אין זאַמד,
אַזוי ווי אַ וואָלקן וואָס ברעכט אָפּ אין מדבר זיין רעגן.

ווייל איך האָב געגעסן דיין הייליקע לייב אין מיין ברויט,
געפינען איך אָנשטאָט אַ דערפרישונג אין ברונעם — נאָר שלאַנגען,
און יענע וואָס איך האָב מיין וווּנדיקע ליבשאַפט פאַרטרויט,
זי וואַרפט ווי אַ שטיין מיר אין פנים צוריק — מיין פאַרלאַנגען...

# דער וועג

פון ביידע זייטן פינצטערניש — און אין דער מיט
אַ וועג אַן אומענדלעכער שנייאיקער זיך ציט.
דורך טאָג און נאַכט אַ שניי אַ שטילער שיט און שיט.

און אויפן וועג — פאַרוויקלטע געשטאַלטן צוויי,
אינאיינעם איינגעטוליעטע — ווער זענען זיי?
און וועמען זוכן זיי אין פינצטערניש און שניי?

זיי זוכן קיינעם נישט!... זיי גייען דורך דער וועלט,
ווי ערשט צוריקגעקומענע פון מתים־פעלד —
אבלים דורכגעשווידערט פון געוויין און קעלט.

די ערשטע איז געבויגן ביז דער ערד, און גרוי,
די צווייטע איז אַ מאַרמאָר־שטאָלצע יונגע פרוי,
נאָר ווי די אַלטע אַ פאַרגליווערטע אַזוי.

פאַרטוליעטע צוויי שאָטנס גייען מיד און שטום,
ווי זיי פאַרשווירן וואָלטן זיך צו גיין אַרום

דער גאָרער ערד — און מיך דערוואַרטן ווען איך קום.
איך גיי אַנטקעגן זיי אַ בלינדער פון דער ווייט,
פון זיי פאַרכישופט וועל איך דורכגיין דורך דער צייט,
און וואַנדערן מיט זיי אינאיינעם זייט ביי זייט.

זיי וועלן מיך אַריינגעמען אין זייער מיט, —
אין טיפער אייביקייט אַ שניי אַ גרויער שיט,
מיר שווייגן טרויעריק און וואַגלען זאַלבעדריט...

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראל־פארבאנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע

רעדאקטאָר: מאַרק טורקאָוו

**נח גרים** שרייבט וועגן „געלעכטער דורך טרערן" („אויפסניי", פאריז, מערץ 1947).

דער פארבאנד פון די פוילישע יידן אין ארגענטינע פייערט איצט א קליי־נעם, באַשיידענעם יובל. ער גיט אַ־רויס דעם צענטן באנד פון די סע־ריע ביכער, וואָס דערציילן וועגן לע־בן און אומקום פון פוילישן יידנטום. אויסגעקליבן צו דעם האָט דער רע־דאַקטאָר מאַרק טורקאָוו א „זאמלונג פון הומאָריסטיש-סאטירישע שאפונ־גען פונעם נאָכמלחמהדיקן לעבן פון פוילישע יידן" א. ד. ט. „געלעכטער דורך טרערן" פון מ. נודעלמאַן.

אויף די 238 זייטן האָט אונדז דער מחבר געגעבן זיבן און פערציק פעליעטאָנען, בילדלעך, זכרונות, סצענקעס, מאָנאָלאָגן, וואָס באַרירן א שטיק פארגאנגענעם לעבן און אָנגע־ווייטיקטע פּראָבלעמען פון היינטיקן טאָג.

ס'איז א פארדינסט פון מחבר, וואָס זיין ביכל רופט ארוים מער טרערן, ווי געלעכטער. ס'איז א בילד פון אונדזער ווירקלעכקייט.

די סעריע „אַמאָל איז געווען", גע־




ארויסגעגעבן פון צענטראל-פארבאנד פון פוילישע יידן אין ארגענטינע
בוענאס איירעס 1947

הערט צו די בעסטע קאפּיטלען אין בוך. דער שרייבער איז דאָ ביי זיך אינדערהיים. טלאָמאצקע 13, יידי־שע רעדאַקציעס, וויצן-שרייבער און הומאָריסטן, אַלץ היסטאָרישע אינ־סטיטוציעס און געשטאַלטן פון יידי־שן קולטורלעבן, צו וועלכע דער מחבר פילט א ווארעמע באַציאונג. ער באַ־

שרייבט זיי אנעקדאָטיש, מיט הו־
מאָר, אָבער מיט הארץ און ווייטיק.
ער דערוועקט צום לעבן די גאנצע
קיבעצאַרניע און אירע מדות, איינ־
פאלן, זאגעכצן, שטעלט זיי פאר
אונדז אוועק אין איר גאנצער גרויס־
קייט און באווייזט אונדז: איר זעט.
וואָס מיר האָבן פארלוירן?

די דאָזיקע געשטאלטן וועלן א־
ריינגיין אין דער רייכער גאלעריע
פון אונדזער ליטעראטור-געשיכטע.

פאראן אין בוך אויך „אקטועלע"
טעמעס: די יידישע קאָמיטעטן אין
פוילן. נודעלמאן איז א בקי אין די
אלע זאכן. ער פארקלייבט זיך היני־
טער די קוליסן (פאָרט א טעאַטער
מענטש) און דעקט אויף אומאָרדע־
נונגען, חסרונות, קאָרופּציע און אנ־
דערע נעגאטיווע באגלייט-דערשיינונ־
גען, וועלכע ס'איז נישט אויסצומיי־
דן אין אזעלכע באדינגונגען. ווען די
נויט איז גרויס און די הילפס-מעג־
לעכקייטן באגרעניצטע. די אלע פע־
ליעטאָנען זיינען געווען אויפן אָרט
אין א צייטונג. זיי האָבן אומברח־
מנותדיק געשמיסן די שולדיקע און
נעצווונגען זיך צו פארטראכטן אויף
געוויסע דערשיינונגען. אין דער בוך־
פאָרם וואָלטן אָבער געוויסע פעליע־
טאָנען נישט באדארפט פאראייביקט
ווערן. זיי האָבן א לאָקאלן באטייט.
די קאָמיטעט - אָנגעשטעלטע זענען
פונקט די זעלבע אומגליקלעכע יידן
פון די לאגערס, אָדער דאָס זענען
די זעלבע רעפּאַטריאנטן, וואָס זענען
געקומען און געטראָפן א בית-עולם.
זיי האָבן א סך זיך אָנגעליטן, טייל־
מאָל געהאָרעוועט איבער די כוחות,
ממש מיט מסירת נפש און איבער זיי
אָפּשפּאָטן אין א בוך איז אן עוולה
פון א „יידישן גזלן".

מיר וועלן עס דעם מחבר מוחל
זיין אין זכות פון אנדערע מעלות.

זיינע טעאַטער-רעצענזיעס זענען
שעדעווערס פון יעדן קוקווינקל. די
שאַרפקייט טוט ווייניקער ווי א
דאנק דעם גוטמוטיקן טאָן אין וועל־
כן ער דערציילט, דער אויספיר, אז
גלייכער למשל געוויסע פיעסן נישט
צו שטעלן, באליידיקט נישט, מהוכח
דער מחבר דערפירט דעם געדאנק
ביז צום אבסורד און באווייזט אונדז
מיט אותות ומופתים, אז זיי זענען
איבעריק. און אלץ איז אזוי באגלייט
מיט אן ערנסטע מינע, פון וועלכער
מ'פילט ארויס א ליצנות, שעלמישע
בליקן. אוועקלייגן געוויסע פּיעסעס
אויף אזא שיינעם אויפן, מיט אזא
מייסטערשאפט, דאָס הייסט לאָזן
עמעצן אויסגיין מיט א „מיתה בנשי־
קה" אין דעם באשטייט נודעלמאנס
כוח.

ער איז אָנגעפּראָפּט מיט אנעק־
דאָטן, איינפאלן, גלייכווערטלעך, עס
שיט זיך פון אים ווי פון לעגענדארן
איבערפלוס-הארן.

טיילמאָל פאלט ער אפילו אריין
אין א „אמבארא דע רישעז", וואָס
שוואכט אָפּ דעם עפעקט. ער באנוצט
זיך מיט א וואָרטשפּיל דאָרט, ווו די
סיטואציע איז שוין אזוי אויך גענוג
הומאָריסטיש און דאָס צולייגן קאָפּ
צום וואָרטשפּיל ציט אָפּ דעם אויפ־
מערק צום עיקר.

אין אונדזער נאָכמלחמה-ליטעראַ־
טור איז דער בוך א בפירושער יש.
מיר מוזן אונטערשטרייכן, אז דער
מחבר האָט אויך דערפילט א געוויסע

סאָציאַלע שליחות. ער האָט צוריק ארויסגערופן א שמייכל ביים פוילישן ייד.

„און מאכן היינט לאכן א פוילישן ייד" — שרייבט דער מחבר אין זיין פאָרוואָרט — „דאָס איז היינט נישט סתם קיין „פראָפעסיאָנעלע ארבעט"; דאָס איז פיל מער.

**משה שטאַרקמאַן** שרייבט א.ג. „קדיש אויף די חורבות" וועגן ד"ר ח. שאשקעס בוך „פוילן — 1946" („דער טאָג", ניו-יאָרק, 16טער מערץ 1947):

אויב מיר ווייסן שוין גענוי, וואָס עס איז געשען מיטן פוילישן יידנטום בעת דער מלחמה, איז נאָך אלץ איינגעהילט אין געהיימניש דאָס לעבן פונעם רעשט יידן אין פוילן נאָך דער מלחמה. אמת, עס זענען שוין געווען ביי אונדז שליחים פון פוילישן יידנטום, און שליחים פון אמעריקאנער יידנטום האָבן שוין באַזוכט דעם שארית החורבן ביי די ברעגעס פון דער ווייסל; אָבער מיר ווייסן נאָך אלץ נישט גענוג פון דעם, וואָס עס לעבט איבער דער קליינער יידישער קיבוץ אינעם לאנד, ווו די נאַציס האָבן געהאט זייערע גאז-קאַמערן און קאלך-אויוונס פאר יידן. אויב דאָס איצטיקע יידישע לעבן אין פוילן איז פאר אונדז נאָך אלץ א געהיימניש, איז דאָס זיכער נישט די שולד פון דער איצטיקער פוילישער רעגירונג, בנוגע יידן — די ערשטע אָנשטענדיקע רעגירונג, וואָס די פוילישע רעפובליק פארמאָגט זינט איר אויפקום נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער געהיימנישפולקייט זענען שולדיק יענע יידישע פּאָליטישע מארעוויכערס, וואָס זענען געקומען פון פוילן און געפאָרן קיין פוילן, נישט כדי צו דערציילן אונדז דעם אמת וועגן דעם צושטאנד פון פוילישן יידנטום, נאָר כדי דורך פעלשן פאקטן און צעדרייען געשעענישן — דורך שילדערן די ווירקלעכקייט אנדערש ווי זי איז — שפּילן פּאָליטיק אויפן חשבון פון די נישט אומגעקומענע. צוהערן זיך דארפן מיר צו יענע שליחים, פאר וועמען דאָס לעבן פון איין יידיש קינד איז ווערט א ביליאָן מאָל מער, וויפל די שענסטע פּאָליטישע אידעאלן. נאָר דורך צוהערן זיך צו יענע, וואָס האָבן ליב דאָס פוילישע יידנטום א סך מער ווי די אידעאָלאָגיעס פון פארטייען, וועט צעריסן ווערן דער געהיימניש־שלייער ארום דער קעגנווארט פון יידישן קיבוץ אין פוילן. דורך קענען זיין קעגנווארט וועלן מיר דעם קיבוץ קענען מיטהעלפן צו בויען פאר זיך א צוקונפט.

איינער פון די, וואָס מיר דארפן זיך צוהערן צו זייערע גרוסן פון פוילישן יידנטום איז ד"ר חיים שאָשקעס, וועלכער איז יאָרן־לאנג געווען אן אָנפירער פון די גמילות־חסדים קאסעס אין פארמלחמהדיקן פוילן, א וויכטיקער מיטארבעטער פון „היינט" און אין די ערשטע טעג פון נאצי-רעזשים איינער פון די געצוואונגענע מיטגלידער פון „יודענראט" אין ווארשעווער געטאָ. אים



איז געלונגען צו אנטלויפן פון פוילן ערב דער ליקווידירונג פון פוילישן יידנטום דורך די נאצישע מערדער בשותפות מיט זייערע אוקראאינישע בוליגאנישע און פויליש־פאשיסטישע ארויסהעלפערס. נאכדעם ווי די נא־צישע בעסטיע איז באזיגט געווארן, איז ד"ר שאשקעס געווען פון די ערשטע צו באזוכן דאס אמאליקע היימלאנד. זיינע איינדרוקן האט ער פארצייכנט אינעם בוך „פוילן — 1946". די איינדרוקן זענען מער ווי נסיעה־פארצייכענונגען. זיי זענען דער קדיש פון א ניצול־געווארענעם ייד אויף די חורבות פון יידישן קיבוץ אין פוילן — דאס ערשטע קאפיטל פון בוך הייסט טאקע „קדיש אויף די חורבות פון געטא". אינעם קדיש געפינט זיך אויך די ווארענונג וועגן דער טרויעריקער צוקונפט, וואס לוי־ערט אויף די לעבן־געבליבענע יידן. „פון יאמער־טאל, פון פארווים־טן יידישן אייראפע, טראגט זיך צו אונדז א פאראייניקטער כאר: — נעמט אונדז ארויס פון דאנען! גיט אונדז א היים!... צי הערט איר?" (ז' 177).

דער ליכטיקסטער פונקט אין היינט־צייטיקן פוילן איז איר איצ־טיקע רעגירונג. עס ווערט קלאר, אז ווען עס איז אנטשטאנען די פוילי־שע רעפובליק נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דאס פוילישע פאלק, נאך דורותדיקער אונטערדרי־קונג מצד דעם רוסישן צאריזם, ניט געווען רייף פאר אזא דעמאקראטי־שער רעגירונג־פארעם, ווי מען פאר־שטייט זי אין די מערב־לענדער. די פאליאקן, וואס האבן געלעבט אינעם צוריקגעשטאנענסטן טייל פון אייראפע, האבן צוערשט געדארפט דער־צויגן ווערן צו דעמאקראטיע. און ווייל דאס איז נישט געשען, איז די דעמאקראטישע פארעם אויסגענוצט געווארן צו באפעסטיקן איין אנטי־סעמיטישן און פאשיסטישן רעזשים נאכן אנדערן. דאס אויפגעלעבטע פוילן איז נישט געווארן קיין פריי פוילן, נאר א לאנד פון פאגראמען און גזירות אויף יידן, א מלוכה, וואס האט די שענסטע זין פון פוילישן פאלק גופא, פארשפארט אין טורמע־צעלן און זיי דארט פארפייניקט צום טויט. עס האט געדארפט בושעווען א נאצי־חורבן איבער גאנץ אייראפע און א שחיטה אויף זעקס מיליאן יידן, אז מיר זאלן קומען צו דער איי־בערצייגונג, אז אזא רעגירונג־פארעם ווי פוילן האט איצט — א קאאלי-

ציע פון לינק-רעוואָלוציאָנערע און
פּראָגרעסיוו־דעמאָקראַטישע עלעמענ־
טן, אָן כּפל־שמונהדיקער דעמאָקראַ־
טישקייט — אַזאַ רעגירונג האָט פּוי־
לן געדאַרפט האָבן נאָך אין יענע
טעג, ווען דער פּוילישער הערב האָט
ווידער אָנגעהויבן פּלאַטערן איבער
וואַרשע, לאָדזש, קראָקע און ביאַלים-
טאָק. ווען דאָס זאָל דעמאָלט געווען
געשען, וואָלטן די נאַציס קיינמאָל
נישט געוואַגט צו בויען גאַז-קאַמערן
אין פּוילן און די פּוילישע טעריטאָ־
ריע וואָלט נישט געוואָרן דאָס שלאַכט־
הויז פאַר די יידן פון אַלע אָקופּירטע
לענדער. ערשט איצט הויבט זיך אָן
די איבערדערציאונג פון דעם פּוילי־
שן פאָלק. ד״ר שאָשקעס שרייבט:

„איך בין, צום ביישפּיל, פול־
שטענדיק איבערצייגט, אַז ווען מען
זאָל לאָזן פּוילן גראָד איצט מאַכן
ווירקלעך פרייע וואַלן, וואָלטן פון
די לעכער אַרויסגעקראָכן נישט ווײ־
ניקער ווי זיבעציק פּראָצענט פינצ־
טערע ענדעקעס, היטלער-יונגען אין
אַ פּוילישער אויסגאַבע, פאַרסמטע
מיט דער לופט פון ווילדן רעוואַנש
קעגן רוסישן שכן, קעגן די פּוילישע
ראַדיקאַלע עלעמענטן, וועלכע פּרו-
בירן ווי עס איז איינשטעלן נייע באַ־
ציאונגען אין דעמדאָזיקן אומרואיקן
ווינקל פון אייראָפּע. אַזאַ רעזולטאַט
פון די וואַלן וואָלט אַרויסגעבראַכט
פון די וועלדער אין דער אַרמיי אַ־
ריין אָפיצירן און סאָלדאַטן, וואָס
מאָרדן איצט די פּוילישע באַאַמטע
און די יידן; וואָס שטעלן־אָפּ צוגן,
אויטאָמאָבילן, רויבן, שיסן, שענדן...
וואָס האָבן נאָך מיט צוויי יאָר צו־
ריק, זייענדיק אַליין געיאָגט פון די
דייטשן אַלס מיטגלידער פון דער פּוי־
לישער אונטערערדישער אַרמיי, פונ-
דעסטוועגן נישט דורכגעלאָזן די גע-
לעגנהייט צו מאָרדן פאַררעטעריש
יענע אומגלויבלעך־העלדישע יידישע
פּאַרטיזאַנען, וועלכע זענען דאָך גע־
ווען די טרייסטע און נאַטירלעכסטע
פאַרבינדעטע אין קאַמף קעגן די נאַ־
ציס״ (זז׳׳ 143—164).

עס וועט נעמען מער פון אַ האַלבן
יאָרהונדערט איבערצודערציען די
מערהייט פון פּוילישן פאָלק. איז יו־
שרדיק צו עצהן, אַז די קוים-געראַ-
טעוועטע יידן אין פּוילן זאָלן בלייבן
שטיין אין צענטער פון דער לאַנגער
שלאַכט צווישן דער פּוילישער דע-
מאָקראַטיע און דעם פּוילישן פאַשי־
זם? קענען די צעשראָקענע און פאַר־
צווייפלטע רעשטלעך פון פּוילישן
יידנטום שפּילן וועלכע עס איז דע־
צידירנדיקע ראָלע אינעם קאַמף צווי־
שן אָט די צוויי ריכטונגען אינעם
פּוילישן פאָלק?

דעם ענטפער אויף די דאָזיקע
פּראַגעס קאָן מען געפינען אין ד״ר
שאָשקעסעס שילדערונגען פון זיינע
באַזוכן אין וואַרשע און לאָדזש, אין
זיין היים-שטאָט ביאַליסטאָק, און פון
זיינע דורכפאָר־איינדרוקן פון שטעט-
לעך, וואָס זענען פאַר דער מלחמה
געווען קאָכיקע יידישע קהילות און
איצט איז אין זיי נישטאָ קיין ייד
אפילו. אויב אין פּוילישע שטעט, ווו
עס זענען שוין ווידער פאַראַן גרע־
סערע יידישע עדות געפינען זיך נאָך
אַלץ יידן, וואָס האָבן מורא זיך
אויסצוגעבן פאַר יידן, קאָן מען זיך
שוין פאָרשטעלן, וואָס עס וואָלט

איצט געשען מיט א מנין יידן אין א קלענערער פוילישער שטאָט!

ד"ר שאָשקעסעס באזוך אין פוילן איז געגליכן צום גיין אויף קבר אָבות. אומעטום, ווו זיין פוס איז געטראָטן, האָט ער בלויז געפונען אָנדענקונגען צום געוועזענעם, און אפילו דאָס פאראנענע האָט ביי אים ארויסגערופן בעיקר דערמאָנונגען פונעם אמאָל-גרויסן און איינפלוסרייכן יידישן קיבוץ אין פוילן. די פּחדימדיקע ווירקלעכקייט האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן דעם גרויסן אונטערשיד צווישן אמאָל און היינט.

ד"ר שאָשקעס איז א דערפארענער זשורנאַליסט און ער האָט שוין מיט יאָרן צוריק זיך קונה שם געווען דורך זיינע רייזע-נאָטיצן פון פארשידענע לענדער. ער איז א גוטער באַאָבאַכטער; אים געלינגט צוזאַמענצוגליידערן דעטאלן און צו סך־הכלען זיינע איינדרוקן און אויספירן. זיין סטיל איז לייכט און פליסיק, און ער קאָן גרינג איבערגעבן שמועסן דורך לעבעדיקן דיאַלאָג. ארום און ארום זענען די צוואַנציק קאפּיטלעך פון בוך איינגעגעבענע רעפּאָרטאַזשן. טייל קאפּיטלעך זענען אויסגעצייכנטער מאַטעריאל באנוצט צו ווערן פון קינסטלער-בעלעטריסטן פאר דערציילונגען פון איצטיקן יידישן לעבן אין פוילן.

ד"ר שאָשקעס האָט געזען די יידן אין פוילן, בעת זייער אמאָליקער גלאָריע, און ער האָט זיי געזען שפּעטער אין זייער בראָך. עס האָט פאר אים געדארפט זיין א מוראדיקער זעלישער פּיין צו קומען צום אויספיר, אז פאר יידן איז פוילן שוין איצט בלויז פאַרגאַנגענהייט. ער האָט נישט פארזען אָדער מינימיזירט די מסירת נפש פון יענע, וואָס גלויבן, אז מען קאָן פון דאָס־ניי בויען א יידיש לעבן אין פוילן; אָבער פון יעדן פאקט, וואָס ער ברענגט ארויס וועגן דער פויליש־יידישער קעגנווארט, שרייט ארויס דער רוף פון שארית החורבן: „העלפט אויסלייזן געראטעוועטע יידישע קינדערלעך פון נישט-יידישע הענט! העלפט אונדז אלעמען אנטלויפן פון דאַנען, ווייל מיר האָבן שוין מער קיין כוח נישט צו קעמפן און מיר קענען נישט בויען אויפן אש פון אונדזערע טייערסטע!"

צו אונדזער אלעמענס גרויסן ווייטיק וועט פוילן אין דעם יידישן באַוווסטזיין מוזן אוועקגעשטעלט ווערן אין איין ריי מיטן אמאָליקן בבל פון דער אמוראים־און גאונים־תקופה, אין איין ריי מיטן אמאָליקן שפּאַניע פון דער יידישער „גאָלדענער עפּאָכע" — פוילן וועט פאר אונדז ווערן א גלאָרייכע פאַרגאַנגענהייט. מיר, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין מזרח-אייראָפּע און געדענקען נאָך ווי אזוי דאָס געדיכטע יידישע לעבן אויף יענער זייט ים האָט אויסגעזען, — מיר וועלן קיינמאָל נישט קענען שטילן אונדזער צער און עס וועט זיך אונדז קיינמאָל נישט איינגעבן צו לעשן די בענקשאפט נאָכן חרוב-געוואָרענעם, נאָכן פארשוואונדענעם. אָבער פאר אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וועט פוילן זיין דאָס, וואָס זי איז שוין פאקטיש איצט. א פארגאנגענע עפּאָכע אין יידנטום.

דאָס לערנען מיר פונעם קדיש, וואָס ד״ר שאָשקעס האָט געזאָגט אויף די חורבות פון ווארשעווער געטאָ און לעבן די מצבות אין ביאַלים־טאָק. און דער איצטיקער פוילישער רעזשים? אים וועט די יידישע געשיכטע געדענקען דעם חסד, וואָס ער האָט באשיצט די ניצול־געוואָרענע יידן. די איצטיקע פוילישע רעגירונג דאַרף גיין נאָך ווייטער: אין דער אָרגאַניזאציע פון די „פאראייניקטע פעלקער״ דאַרף זי זיך שטעלן אין די ערשטע רייען פון יענע רעגירונגען, וואָס וועלן העלפן אויסקעמפן פארן יידישן פאָלק א פרייע, אן אומאָפּהענגיקע יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל. די יידישע אומה האָט דאָס כשר פארדינט ביי דער פוילישער רעפובליק.

וועגן אַלע ענינים, וואָס האָבן א שייכות מיט דער ביכער־סעריע „דאָס פוילישע יידנטום״ זיך ווענדן:

**Unión Central Israelita Polaca**
**Pueyrredón 667, Buenos Aires.**

